BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005- 1898. 4

**Arnshteyn, Mark, d. 1942 or 3.**
Dramatishe shriftn / Mark Arnshtayn (Andzshei Marek).
Varshe : Kultur-lige, 1926.
2 v. ; 23 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Poland-Warsaw

ID : NXYH02-B2990 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /26624

Reduction ratio X 10.0

מארק ארנשטיין

(אנדזשעי מארעק)

# דראמאטישע שריפטן



I

פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע

אַלע איינאַקטערס, וועלכע זײַנען איבערגעדרוקט אין דעם בוך, „צען איינאַקטער“, אָדער באַזונדער געדרוקט אין פאַרלאַג „קולטור-ליגע“, זײַנען פון מיר איצט אויפסניי באַאַרבעט און באַדייטנד געענדערט. עס איז דערפאַר פאַרשטענדלעך, אַז מײַן ווילן איז, דאָס קיין טעאַטער, אָדער ליבהאָבער-קרייז זאָל זיך מער ניט באַנוצן מיט די פריִער געדרוקטע טעקסטן צום שפּילן. די פאַרלעגער, וועלכע האָבן ביז איצט מײַנע איינאַקטערס געדרוקט און פאַרקויפט מאַך איך אויפמערקזאַם, אַז פון הײַנט אָן זײַנען מײַנע ווערק שוין מער ניט הפקר און איך פאָדער זיי אויך מער די זעלבע ניט צו דרוקן — און די שוין געדרוקטע עקזעמפּליאַרן — צו פאַרניכטן.

דער פאַרלאַג „קולטור-ליגע“ איז פון מיר באַפולמעכטיקט צו פאַרפאָלגן יעדן, וואָס וועט זיך ניט רעכענען מיט דעם דאָזיקן פאַרבאָט.

**מאַרק אַרנשטיין**

וואַרשע, דעם 1-טן סעפּטעמבער 1926



M. Arnsztajn (Andrzej Marek)
Utwory dramat. t. I. Warszawa 1927

Wydawn. „Kultur-Liga“ Warszawa.

Druk. „Di Welt“ Warszawa. Nowolipie 7

# דאס אייבּיקע ליד

## א בּילד פון ארבּעטער-לעבּן אין איין אכּט

## פּערזאָנען:

**גרשון**
אַ פאַבריק-אַרבעטער.

**פּעסע**
זיין ווייב;

**חנה**
זייער טאָכטער

**דוד**
אויך אַ פאַבריק-אַרבעטער, וואוינט מיט זיי צוזאַמען.

די זאַך קומט-פאָר אין אַ גרויסער שטאָט, צווישן פערגאַנגענער און קומענדער צייט.

געשפּילט אויף פּויליש (איבערזעצט פון פאַרפאַסער) דאָס ערשטע מאָל אין וואַרשעווער דראַמאַטישן רעגירונגס-טעאַטער (Teatr Rozmaitości) דעם 25 סעפּטעמבער 1901

אויף יידיש געשפּילט דאָס ערשטע מאָל אין ריגע (יידישע טרופּע ספּיוואַקאָווסקי און אַדלער) דעם 28 אויגוסט 1905

---

געדרוקט אין יידיש צום ערשטן מאָל אין וואָכנבלאַט „דער יוד" 1901.

געדרוקט פאַר דער פּוילישער בינע אין וואַרשע — Gebetner i Wolf

געדרוקט פאַר דער פּוילישער בינע אין קראָקע — Gebetner i S-ka

געדרוקט ספּעציעל פאַר יידיש-פּוילישע בינעס, אין וואָכנבלאַט „Wschód" 1901.

געדרוקט אויף רוסיש אין פּעטערבורג 1915.

געדרוקט אויף ענגליש אין ניו-יאָרק 1924.

געדרוקט אויף העברעאיש אין פאַרלאַג „הבימה"

אַ דאָך-שטיבל, אָדער — ווי ס'הייסט אין פּוילן — „פּאַציאַטע".
ווי קליין עס איז, דינט עס דאָך פאַר אַ קיך, שלאָפצימער, עס-
שטוב, אַרבעט-צימער א. א. וו. אַ ווינקל איז פאַרצוימט מיט צי-
צענע פאָרהיינגלעך דאָרט שלאָפן די קינדער. פאַר'ן פאָרהאַנג
שטייט אַ הילצערן בעט, אויף וועלכן ס'ליגט פּעסע און וויגט
אַ וויינענדיק קינד אין אַ צווייט ווינקל-פאַנם זיצט חנה און
נייט אַ קלייד ביי אַ נאַפט-לעמפל.
אין דער טיף, ביי דער טיר געפינט זיך די קיך. ניט ווייט פון
דער קיך אַ טיר-רעכטס פירט אין אַ צווייטער שטוב: דאָרט וואוינט
דוד, דער סיבלאָקאַטאָר.
איבער דער גאַנצער שטוב זעגען פון איין וואַנט צו דער צוויי-
טער פאַרוואָרפן שטריק, אויף וועלכע סטריקנט זיך קינדישע וועש.

פּעסע

זינגט פאַרשלאָפן.

שלאָף, מיין פייגעלע,
מאַך-צו דאָס אייגעלע,
שלאָף, מיין טייער קינד!
דער מלאך, דער גוטער
וועט זיין דיין היטער...
שלאָף שוין, שלאָף געזונט

דאָס קינד וויינט וואָס אַמאָל העכער

וואָס איז ווייטער פאַר אַ קלאָג אויף דיר?! וואָס האָסטו זיך צעכליפּעט, אַ שיף איז דיר אונטערגעגאַנגען, אָדער וואָס, צו אַלדע גוטע יאָר?.. האָסט געזען, ווי ער האָט זיך דאָס אַ ביסל צוריסן... דו הערסט אויף צו וויינען? איך מאַך דאָ פון דיר אַ באַרג אַש!

דער מלאך, דער גוטער
וועט זיין דיין היטער...
שלאָף שוין, שלאָף געזונט.

חנה

מאמע, דאָס קינד איז הונגעריק, דערפאר וויינט ער.

פעסע.

איז וואָס קאָן איך אים טון, נו? ער איז טאקע הונגעריק, ס'פארשטייט זיך.— בייטאָג האָט ער א ביסל מילך געטרונקען, און מער האָט ער שוין אין זיין מויל נישט געהאט. אומשטיינס געזאָגט, זיין הולטייסקער טאטע, ימח שמו, האָט זיך ערגעץ דאָרט פארהוליעט... א גיכער סוף זאָל אויף אים קומען!

דער מלאך, דער גוטער
וועט זיין דיין היטער...

ווי שפעט איז?

חנה

ס'וועט זיין – מיין איך — עלף א זייגער.

פעסע

שוין עלף! און אים הערט מען נישט און מען זעט אים נישט...

## דוד

קומט פון גאס. א געזונטער, צוואנציק־יעריקער ארבעטער, מיט א גאאיזן פנים אין נישט געשיקטע באוועגונגען.

חנה

דערפרייט

זעסט! דוד איז שוין דאָ!

דוד

א גוטן אָוונט אייך, חנה!

חנה

א גוטן אָוונט...



דוד

אייך פעסע אויך א שיינער גוטער אָוונט.

זי ענטפערט נישט

וואָס איז? רב גרשון'ס ווייב איז שוין ווידער טרויריק?

פרייליך

א גוטן אָוונט!..

פעסע

א גוט יאָר. איר האָט אפשר געזעען מיין אלטן?

דוד

געזעען. אַ גאנצן טאָג געזעסן צוזאמען ביי דער ארבעט, זיבן א זייגער איז ער אוועק פון פאבריק מיט אלע ארבעטער, נאָר מיר מיט נאָך זעקס האָט מען איבער־געלאָזן ארבעטן איבערשטונדן.

פעסע

איר ווייסט נישט, וואוהין ער איז אוועק פון פאבריק?

דוד

ווייס איך? אפשר האָבן אים די חברים אוועקגעשלעפט אין באווארניע.

פעסע

אין באווארניע, זאָגט איר? אז זאָל אים שוין דער מלאך־המות אמאָל פאַרשלעפן, אז זאָל אים. .

דוד

שלאָגט איבער

ע, רב גרשון'ס ווייב! לאָזט אים... א מאן איז אן עברה צו שעלטן. בענשט אים בעסער, וועט אים אפשר גאָט אויך בענטשן, ווייל דערווייל שטראָפט אים גאָט עפּעס טאקע אָן רחמנות. כ'ווייס נישט פארוואָס? וויניק זענען דאָ אזעלכע, וואָס פארדינען אויף גאָט'ס שמיץ, פונ־דעסטוועגן איז זיי גוט און זיי זינדיקן אלע מאָל מער; און דאָ, צו אזא אָרענטלעכן מענטשן ווי רבי גרשון, טשעפען זיך אלע אומגליקן. היינט, למשל...

פעסע

דערשראָקן

וואָס איז שוין ווידער היינט אַזעלכעס געשעען?

חנה

שוין ווייטער עפּעס?

דוד

עט, חלילה נישט קיין סכּנת נפשות, פונדעסטוועגן...

פעסע

נו, זאָגט זשע שוין, וואָס?

דוד

די מעשה איז אַזוי געווען: חיים איז געקומען און האָט געוואָלט אוועקנעמען אייער מאַן׳ס ארבעט. האָט ער זיך, געוויינלעך, נישט געלאָזן, האָבן זיי זיך, גענומען רייסן מיט׳ן קעסטל, אַזוי לאַנג ביז דאָס קעסטל איז צו־בראָכן געוואָרן און די סחורה האָט זיך אויסגעשאָטן אויף דער ערד, דער מייסטער איז אָנגעקומען און האָט פאַרשריבן ר׳ גרשון׳ען צוויי רובל שטראָף.

פעסע

דערלאַנגט אַזש אַ פּאַטש מיט די הענט

צוויי רובל! האָסטו דיר אַ ניי אומגליק! איצט נעם כאַטש און הונגער מיט די קינדערלעך אַ גאַנצע וואָך!.. צוויי רובל...

דוד

אָט אַ — דאָס מסתּמא האָט זיך עס טאַקע אייער מאַן אַזוי צום האַרצן גענומען, אַז ער האָט זיך לייכט געלאָזט פאַרפירן אין באַוואַריע.

פעסע

מיין גרשון מוז נעבעך דערפון גרויס קרענקונג האָבן? וואָס?

דוד

ס׳פאַרשטייט זיך...



חנה

צי קאָן מען דאָס שוין נישט אָפּבעטן? דער טאַטע וועט זיי געבן צו פאַרשטיין, אַז ס׳איז נישט זיין שולד, וועלן זיי אים דאָס מאָל שענקען...

דוד

וואָס זאָגט איר, חנה... איר ווייסט זיי נישט, איר קענט זיי נישט? ווי שטאָל זענען זיי... דאָס איז שוין פאַרפאַלן!

פעסע

פאַרפאַלן...

זי זיפצט שווער און פאַרטראַכט זיך, וויגנדיק דאָס קינד, באַלד הערט זי אַנטשלאָפן, מורמלנדיק

וואָס פאַר אַ מענטשן דאָס זענען... צוויי רובל... אוי, וואָס פאַר מענטשן... צוויי...

דוד

איז צוגעקומען שטיל צו חנה

חנה שלאָפט נאָך נישט?

חנה

נאָך אַ פּאָר שעה האָב איך צום ענדיקן דאָס קלייד.

דוד

וועט איר מאָרגן שפּעט אין דער נאַכט ארבעטן. וואָס איז, מאָרגן וועט דען נישט זיין קיין צייט?

חנה

ניין. דאָס קלייד מוז היינט ווערן געענדיקט. דוד ווייס דען נישט, וואָס ביי אונז טוט זיך?..

דוד

איך ווייס, איך ווייס... אַ שרעק, וואָס דערפון קאָן ווערן! אייער טאַטע באַקומט אין פאַבריק וואָס ווייטער ערגערע ארבעט, און ער ארבעט טאַקע וואָס אַמאָל ערגער. אינגאַנצן אַ פאַרטאַטש געוואָרן!.. וואָס קאָן ווייטער זיין?

חנה

גאָט וועט נישט פאַרלאָזן...

דוד

אַודאי. אז נישט, וואָלט דאָך גאָר ´שלעכט געווען.

חנה

אפשר וועל איך זיך צו עפעס צושלאָגן. כ׳וועל זיך צונויפקלויבן עפעס געלט, וועל איך קויפן א ניי-מאַשין און וועל באקומען ארבעט גלייך פון די קונדשאפטן, נישט פון מאגאזין, וועל איך מער פארדינען.

דוד

ס׳איז גרינג צו זאָגן צושלאָגן. ווי אזוי, אז אייערע פארדינסטן צוזאמען מיט ר׳ גרשון׳ס קלעקן קוים אויף ברויט. וואָס פארדינט דער טאטע? אינגאנצן פינף רובל א וואָך.

חנה

וועט ער אפשר שפעטער מער פארדינען.

דוד

עט, וואָס אמאָל וויניקער פארדינט ער; וואָס אמאָל ארבעט ער פאוואָליער. וואָס אן אנדערער מאכט צוויי טויזנט א טאָג. מאכט ער קוים צוועלף הונדערט.

כאָנעבעריש

איך... איך מאך צוויי טויזנט דריי הונדערט!..

חנה

אזוי, צוויי טויזנט מיט דריי הונדערט!..

דוד

יאָ, יאָ!.. און אז איך וואָלט זיך מער געאיילט, וואָלט איך נאָך מער געקאָנט מאכן. אז איך וועל האָבן א ווייב, וועל איך אלע ארבעטער איבעריאָגן.

חנה

דערשראָקן

דוד האָט דען חתונה?!

דוד

פארשעמט

ניין, ס׳הייסט, געוואָלט, וואָלט איך יאָ...



חנה

נאָר וואָס?

דוד

ווייס איך... מען שדכנ׳ט מיר, נעכטן האָט מיך א שדכן אוועקגעפירט זען א כלה. צווייהונדערט רובל האָט זי און א האלבע קלייט אויף דער גרינער גאס, ביים סאמע מארק.

חנה

מיט א פארלאָפטן אָטעם

איר זענט דאָרט געווען?

דוד

יאָ, אויף דער גאס בין איך געשטאנען און האָב געזען... דער שדכן האָט געוואָלט, איך זאָל אהין ארייננגיין אויף אן אויסרייד, קויפן פאפיראָסן... מיט גוואלט האָט ער מיך אהין געשטופט... נאָר איך האָב זיך איינגעשפארט איך האָב נישט געוואָלט ווייל...

חנה

ווייל פאר וואָס?

דוד

ווייל ס׳איז געווען מאָנטאָג... איך פארשטיי גאָר נישט, ווי אזוי מענטשן קאָנען קומען צו א פרעמד מיידל מיט א שדכן, און נישט דיר, נישט מיר זאָגן איר:— זייַ מיין ווייב, און—און שוין... ווי אזוי? וואָס?.. ווען?!.. אז ס׳וואָלט, א שטייגער צו אייך אזוי איינער געזאָגט, וואָס וואָלט איר דערויף געענטפערט? הא? וואָס?..

חנה

איך בין א יידישע טאָכטער; וואָלט איך מסתמא געטון, ווי טאטע מאמע וואָלטן געהייסן... נאָר איך וואָלט זיך געפילט שטארק אומגליקלעך!

דוד

ס׳פארשטייט זיך!.. וואָס דען? ווערן א כלה פאר א מענטשן, וואָס מען קען אים נישט, און שוין צו אים

געהערן איינגאנצן... גיין מיט אים אונטער דער חופה און דערנאך זיצן מיט אים אין א באזונדערער שטוב ביי דער גילדענער יוך און שוין הייסן „מאן און ווייב"... דאָס איז דאָך שרעקלעך! נישט אמת, חנה?

חנה

אמת דוד...

דוד

סיידן אז... אז...

חנה

וואָס? איר מיינט אז — סיידן... נו, זאָגט דוד, זאָגט...

חנה

ניין... איך מיין... א גוטע נאכט.

חנה

שטיל, אנטוישט

א גוטע נאכט...

דוד

גייט שטיל אפ צו זיך אין שטוב א פארשעמטער. דאך, אין טיר בלייבט ער שטיין, ווענט עפעס אין זיינע געדאנקען, באַשליסט באלד און קומט צוריק אויסרופנדיק

הערט חנה, וואָס איך וועל אייך זאָגן!

חנה

וואָס, דוד? איך הער! — איך הער...

דוד

פארלירט זיך ווייטער

ניין. נישט היינט... עפעס נישט שיין: — א פראָסטער מיסוואָך, דיר נישט, מיר נישט... א אנדערש מאָל...
א גוטע נאכט...

געשווינד אפ צו זיך אין צימער

חנה

קוקט אים נאך און ווען ער פארשווינדט פאלט זי מיט'ן קאפ אויפן קלייד, וועלכעס זי נייט און צעוויינט זיך, פון אנהויב שטיל, דערנאך ווי אמאָל העכער.

פעסע

כאפט זיך אויף

הא?.. וואָס איז דאָרט?.. חנה, חנה!..



חנה

הערט אויף וויינען, גייט ווייטער

וואָס, מאמע?

פעסע

א קינד האָט דאָ געוויינט. חיימ'קע אָדער מלכה'לע דאכט זיך... ווייסט נישט?..

זוכט צווישן די קינדער אונטערן פארהאנג

חנה

ניין, מאמע. דאכט זיך, אז ס'האָט קיינער נישט געוויינט.

פעסע

זיי זענען נעבעך הונגעריק, מיינע אָרעמע ווערם, וויינען זיי אין שלאָף. א גאָטס רחמנות אויף זיי... דו האָסט אָבער אויך טרערן אין די אויגן... וואָס איז, ביזט אויך הונגעריק?

חנה

ניין, מאמע. פון נישט שלאָפן טוען מיר ווי די אויגן. די צווייטע נאכט שלאָף איך שוין נישט.

פעסע

דו האָסט געוויינט, חנה...

חנה

ניין...

פעסע

וועסט מיר קיין מעשות נישט דערציילן. א מאמע דער-קענט באלד... יאָ, יאָ, נישט די אויגן, נאָר דאָס הארץ טוט דיר נעבעך וויי, מיין קינד. א מאמע דערקענט גוט... א ביטער לעבן דיינס!

חנה

וויינט שטיל

פעסע

נו, וויין שוין נישט, חנה, וויין נישט! זינג דיר בעסער עפעס צו, זאָלסט נישט אנטשלאָפן ווערן. זע, דאָס קלייד זאָל היינט ווערן פארטיק. מיין חנה! מיין ליב,

הארציק קינד, מיין איינציקע טרייסט... ווען נישט דו, וואָלט איך זיך כאָטש דארפן טרענקען, אזוי שלעכט איז אויף דער וועלט... דער טויט איז גלייכער איידער אזא לעבן!..

חישט די אויגן

**ח נ ה**

הערט אַליין אויף צו וויינען און טרייסט די מוטער:

וויין שוין נישט, מאמע, גאָט וועט נישט פארלאָזן... עס וועט נאָך אַלץ גוט זיין.

**פ ע ס ע**

הלואי, הלואי! ס׳איז דאָך שוין גאָר נישט אזוי לענגער אויסצוהאלטן!..

זי גייט צום חיגל און וויגט זינגענדיק

שלאָף, מיין פייגעלע — —
מאך צו — — דאָס אייגעלע — —

זי הערט באַלד אנטשלאָפן.

# ד ו ד

קומט אריין שטיל, פון קיינעם נישט באַמערקט

**ד ו ד**

חנה!..

**ח נ ה**

דערפרייט מיט זיין צוריקקומען

וואָס?

**ד ו ד**

איך האָב געהערט, ווי חנה האָט געוויינט, הינטער דער טיר בין איך געשטאנען ביי מיר און האָב געהערט... חנה איז נישט בייז אויף מיר דערפאר?

**ח נ ה**

ניין, פאר וואָס זאָל איך בייז זיין? איר זענט דאָך אן אייגענער.

**ד ו ד**

חנהען טוט וויי דאָס הארץ... איך פיל גוט, וואָס דאָס



איז אזעלכעס הארץ-ווייטאָג! אין פאבריק טרעפט זיך אָפט... איך צובלוטיק מיר די האַנט, אָדער איך באַקום אזוי ערגעץ א שווערן קלאַפּ; איינמאָל האָט מיר א מאשין די פיס צוגעקוועטשט איך האָב אזש אַ פּאָר וואָכן געהינקען; נאָר דאָס אַלץ איז גאָר נישט צו פארגלייכן צו דעם שרעקלעכן ווייטאָג פון הארץ... וועלכע יסורים קאָנען גלייך זיין צו דעם!

**ח נ ה**

דוד ליידט אויך? וואָס פעלט אייך דען, וואָס?.. איר פארדינט דאָך, צו עסן פעלט אייך נישט... וואָסזשע דען?

**ד ו ד**

איך בין דאָך א יתום. מיין טאטן געדענק איך נישט און די מאמע איז מיר אָפּגעשטאָרבן, אז איך בין קוים אלט געווען פיר יאָר. אכט יאָר איז מיר געווען, האָט מען מיר שוין געהייסן אליין פארדינען אויף ברויט קיינעם האָט מיין לעבן נישט געקימערט, מיין הארץ — נאָך ווייניקער...

זיי בלייבן א ווילע שטיל

**ח נ ה**

אז איר וועט חתונה האָבען, וועט... איר..

**ד ו ד**

שלאָגט איבער מיט פארדרוס

ניין! ניין!.. נאָך וואָס? נאָך ווען?... התונה האָבן!? ע, חנה, וואָס רעדט איר?..

**ח נ ה**

איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אז מאָרגן גייט איר זען יענע דאָרט—די כלה...

**ד ו ד**

פארענטפערט זיך

דער שדכן רעדט מיך צו! א מענטש — זאָגט ער — דארף האָבן אן אייגן ווינקל, עמיצן זאָגט ער, וואָס זאָל אים א לעפל ווארעמס אָבקאָכן... דער שדכן איז אפשר גע-

רעכט, נאָר איך קאָן נישט אזוי. איך קאָן נישט אזוי, חנהלע..

**חנה**

*הייס*

דוד!...

*זי הויבט עפּעס זאָגן און בלייבט שטיל, פארשעמט*

**דוד**

נו, חנה! איך וואָלט טאקע גערן וויסן, וואָס איר זאָגט דערצו. איר זענט דאָך אזא קלוגע... אי, האָב איך ליב אלע נעכט, נאָך דער ארבעט, דאָ ביי אייך צו זיצן און שמועסן! מיט אייך א גאנצע נאכט וואָלט איך אזוי געזעסן, פארגעסנדיק, אז פינף א זייגער אין דערפרי דארף מען אויפשטיין אין פאבריק אריין. אין גאָטס וועלט וואָלט איך פארגעסן! און אז איר דערציילט אייערע שיינע מעשות פון די שיינע פרינצן און די פארכשופטע בת-מלכה׳ס, דעמאָלסט ווערט עפּעס דעם מענטשן אויפן הארץ, אזש... אזש!..

*ער געפינט נישט קיין אויסדרוק*

אי, חנה! דערנאָך קאָן מען נישט אנטשלאָפן ווערן און ס׳ווילט זיך גאָר נישט שלאָפן... ס׳ווילט זיך נישט אויפהערן טראכטן פון דער שיינער וועלט, וואָס לעבט דאָרט, ווייט פון דער פאבריק, ווייט פון דער שטאָט, „הינטער דעם זיבנטן וואלד, הינטער דעם זיבנטן בארג“... אי, חנה, דערציילט מיר נאָך אמאָל דאָס שיינע מעשה׳לע!

**חנה**

*דערציילט, נייענדיק*

הינטער דעם זיבנטן וואלד, הינטער דעם זיבנטן בארג האָט א פישער געוואוינט — א יונגער און א שיינער. און א וואונדער-שיינע שעפערין, אזעלכע, וואָס האָט שעפּעלעך געפּאַשעט און, ווי א שעפעלע, איז זי אָרעם געוועז. — האָט זיך דער פישער פארליבט, געליבט האָט



אויך די שעפערין, מיט א הייסער ליבע האָבן זיי געליבט ביידע...

אין דער שעפערינס אויגן איז דער פישער א פרינץ געוועזן, און דער פישער האָט די שעפערין ווי א פרינצעסין געשעצט, נאָר ווייל ער האָט אויסער אָרעמקייט גאָר נישט פארמאָגט, האָט ער גרויס קרענקונג געהאט, וואָס ער קאָן זיך מיט איר אויף אייביק נישט פארבינדן.

און אמאָל איז דער פישער צום טייך אין א פרימאָרגן געגאנגען, אין א פרימאָרגן — נאָך א נישט-געשלאָפענער נאכט, נאָך א נאכט פון זאָרגן און קלערן און הערצלעכע טרערן צום גוטן גאָטעניו, וואָס זעט אין די ליבענדע קינדער זיין אייגענע ענלעכקייט...

— „גיב, ליבער גאָטעניו, היינט א גוטן געפאנג! גיב, ליבער גאָטעניו, היינט גאָלדענע פישעלעך מיט בריליאנטענע אויגן, גינגאָלדענע שיפן און די ביינדעלעך — די ביינדעלעך זאָלן זיין כאָטש פון פערל!..“

**דוד**

*מיט אן אָפן מויל און בליצנדיקע אויגן, הערט זיך איין*

אי, אי! פון פערל!..

**חנה**

און ער האָט די נעץ אין טייך געוואָרפן. נאָכדעם האָט ער זיך געלייגט אויף דער ערד, און דריי לאנגע שעה האָט ער מיט זיינע הייסע טרערן דאָס זאמד נאס געמאכט. און ווען ער איז אויפגעשטאנען און האָט די שווערע נעץ קוים פון טייך ארויסגעשלעפט — איז די נעץ געוועזן פול מיט שטיינער!..

**דוד**

*מיט א פארדראָס*

שטיינער... גאָר!.. שטיינער!..

**חנה**

— „אי, ליבער גאָטעניו, גיב כאָטש אצינד א גוטן

געפאנג! — גיב ליבער גאָטעניו, היינט גאָלדענע פישעלעך מיט בריליאַנטענע אויגן, גינגאָלדענע שיפּן, און די ביינדעלעך — די ביינדעלעך זאָלן זיין כאָטש פון פערל!...״

און ער האָט די נעץ אין טייך דאָס צווייטע מאָל געוואָרפן, און ער האָט זיך ווידער געלייגט אויף דער ערד, און דריי מאָל צו דריי שעה האָט ער מיט זיינע הייסע טרע־ן דאָס זאמד נאס געמאכט, און ווען ער איז אויפגעשטאנען ווידער און האָט די שווערע נעץ קוים, קוים פון טייך ארויסגעשלעפּט, איז אין אים געלעגן א קלאָץ, א פארפוילטער!..

דוד

אוי! ווידער גאָר אַ קלאָץ...

חנה

דער טייך און די פייגל האָבן שוין מנחה געדאווענט. די זון האָט זיך שוין געזעגנט מיט דער ערד — ביי דעם שלאָפנדיקן טייך, ביי דער פארוואָרפענער נעץ איז נאָך אלץ דער פישער געשטאנען.

און ווען ער האָט די נעץ צום דריטן מאָל ארויסגעשלעפּט, איז עס געווען ווי א שפּינוועבס וואונדערבאר לייכט! נאָר ביים שיין פון דער לבנה האָט דער פישער דערזען, אז די נעץ איז אינגאנצן פון זילבער און דאָס נאסע גראָז, וואָס איז אין אים געלעגן, איז אינגאנצן געווען גאָר פון גאָלד!..

דוד

דערפרייט

פון גאָלד!..

חנה

אויף דעם גאָלדענעם גראָז איז א קליין מלאכל געלעגן, א מלאכל מיט ווייסע, פּערלדיקע פליגל, און דער האָט צום פישער זיך אזוי אָנגערופן:

— „אויף גרונד פון דעם טייך ליג איך שוין טויזנטער יאָר! טויזנטער יאָר, צייט די וועלט איז באשאפן... נישט פאר מיינע זינד האָט מיך גאָט דאָ געוואָרפן, נאָר פאר די זינד פון אדם און חוה...״

— „מיין ליבער פישער! ווארף מיך נישט צוריק אין דעם בלאָטיקן טייך! נאָר צו דיין ליבער שעפערין טראָג מיך אהין. און איך וועל אייך דערפאר מיט אזא גליק באשענקען, וואָס קיינער האָט נאָך דערפון נישט גענאָסן...״

— וועסטו מיר געבן א קרישטאָלענעם פאלאץ פאר מיין ליבער, פאר מיין טייערער שעפערין? — האָט דער פישער געפרעגט — וועסטו מיר זילבער און גאָלד אויך געבן, איך זאָל איר קאָנען פארשאפן א גליקלעך לעבן, א לעבן אָן הונגער, אָן נויט?

— „מיין ליבע באדארף נישט קיין פאלאץ צו איר גליק און זי ווייס נישט פון הונגער און עסן... דער הונגער און די אייביקע לוסט צו זילבער און גאָלד — דאָס איז דאָך גאָטס שטראָף דערפאר, וואָס די ערשטע מענטשן האָבן די ליבע באפלעקט״.

דער פישער האָט דעם מלאכס רייד שוין פארשטאנען און האָט אים געכאפּט אויף דער האנד, געדריקט אים צום הארץ אויף אייביק! אויף אייביק!.. און די זילבערנע נעץ, און דאָס גאָלדענע גראָז האָט ער צוריק אין טייך גלייך געוואָרפן...

דוד

אנטציקט

איך!

איך האָב אייך, חנה, אויך אזוי ליב, ווי יענער פישער!

חנה

איר דוד?! וואָס רעדט איר?!

דוד

יאָ. און איר זאָגט מיר, חנה, און איר?

הנה

איך האָב אייך ליב שוין פון לאנג!

דוד

און איר וועט חתונה האָבן פאר מיר?

חנה

פארשעמט

יאָ. דער טאטע, די מאמע וועלן דאָך אודאי באשטיין.

דוד

באשטיין, באשטיין, איר וועט מיך אייביק ליב האָבן?

חנה

אייביק!

דוד

גליקלעך

אי, חנה, חנה! איך וועל פאר חנה טאָג און נאכט נישט אויפהערן צו האָרעווען, אז ס'זאָל איר חלילה גאָרנישט פעלן, אז זי זאָל אליין נישט דאַרפן אַרבעטן. און אַז איך וועל נאָר האָבן אַביסל לײדיקע צייט צום אָפּרוען, וועל איך זיך אוועקזעצן, אָט אזוי נאָענט ווי איצט

זעצט זיך נעבן איר

האנט אין האנט, הארץ ביי הארץ... אי, די נשמות אויך אינאיינעם!.. און סוועט אונז אַזוי גוט זיין!..

חנה

ווי גוט!..

דוד

און אז דער שלאָף וועט מיר צוקלעבן די אויגן, וועל איך לייגן דעם קאָפּ דאָ, אויף חנהס שויס, און חנה וועסט מיר דערציילן פון וויטן באַגדאד – – פון די קריס-טאָלענע פאלאצן — — פון די שיינע, גאָלדענע בלו-מען... און אזוי שוין אָן אויפהער, אייביק, אייביק... גוט, חנה?

חנה

אי, ווי גוט!

דוד

שטארק האָסט דו מיך ליב, חנה?

חנה

מיט א פארלאפטן אטעם

א שרעק ווי שטארק!..



דוד

און דו וועסט מיך קיינמאָל נישט אויפהערן ליב צו האָבן?

חנה

קיינמאָל נישט! קיין מאָל אין מיין לעבן! קאָן מען דען אויפהערן ליב האָבן? וואָס רעדסטו, דוד...

דוד

דוד כאפט קושן אירע הענט

מיין גאָלדענע חנה!..

פון דרויסן הערט זיך גרשונס אָנקימען, ער ברומט דאָרט עפעס, צי ער זינגט שכורלעך.

חנה

דערהערט, רייסט זי ארויס אירע הענט פון דודס

לאָזט, דוד. דער טאטע גייט!..

זי שטייט אויף און נעמט צוגרייטן פארן טאטן עפעס עסן

דוד

אדרבא. גוט וואָס דער טאטע, וואָס רב גרשון איז דאָ... גוט...

## גרשון

קומט אריין זינגענדיק שיכורלעך

אלה תולדות נח —
פון בראנפן נעמט מען כח.
בראנפן איז דער עיקר,
ווייל פון בראנפן ווערט מען שיכור

דוד

ר' גרשון! הערט, רב גרשון.

גרשון

פארשעמט, סטארעט זיך נישט געבן צו דערקענען, אז ער איז א ביסל שכור

א, דוד! דו שלאָפסט נאָך נישט? שוין האלבע נאכט, דער פייפער פון פאבריק וועט שוין באלד וועקן צו דער ארבעט...

דוד

איך וועל אייך עפּעס זאָגן, ר׳ גרשון

גרשון

מאָרגן, זאָגן. ביי דער ארבעט. גענוג צייט האָבן.

חנה

*ציט דודן ביים ארבל*

לאָז אָפּ אצינד, וואָסער איילעניש מאָרגן, מאָרגן...

דוד

פארוואָס דען מאָרגן? בעסער באלד... באלד... אין פאבּ־ריק שטערט דאָס גערויש פון די מאשינען, און דאָס וואָס איך וויל אייך זאָגן ר׳ גרשון איז גאָר נישט קיין קלייניקייט!..

גרשון

אָהאָ, וואָס איז דאָס אזוינס?

דוד

איך... ר׳ גרשון... איר קענט מיך, דאכט זיך, גוט... אלע מאָל.., כאָטש... פונדעסטוועגן... דאכט זיך... דאָרט דאכט זיך...

גרשון

*צולאַכט זיך*

וואָס איז דיר, דוד? ס׳האָט דיר ווער די צונג חלילה אָפּגעשניטן?.. וואָס שטאמעלסטו עפּעס, וואָס?

חנה

זאָג שוין, אז דו האָסט אָנגעהויבן, זאָג!

דוד

*מיט איין אָטעם*

הערט ר׳ גרשון! איך האָב אייער חנהן ליב! שטארק ליב! זייט נישט בייז אויף מיר, איך בין נישט שולדיק. איר ווייסט, איך בין אן אָרנטלעכער יונג. אייער טאָכטער וועל איך אודאי שעצן און ליב האָבן זייער! זייער!.. גוט, חנה?

חנה

גוט... גוט...



גרשון

*איבערראַשט, קען קוים צו זיך קומען*

דו... הא... וואָס? האָסט-הייסט עס — ליב מיין חנהן?..

דוד

אָבער גאָר שטארק ליב! פון לאנג שוין...

גרשון

ס׳הייסט—אויף אן אמתן? כ׳מיין, נישט אזוי ווי אנדערע יינגען מיט מיידן!...

דוד

חלילה! אויף אן אמתן! זאָל איך אזוי לעבן!..

גרשון

הע, הע... אזוי גאָר?! נו, און זי? און דו חנה?

חנה

איך? איך, טאטע

דוד

*ענטפערט פאַר איר*

זי אויך! יאָ, יאָ... נאָר זי שעמט זיך!..

גרשון

אזוי? נו, איז דאָך גאָר גוט... וואָסושע ווילסטו נאָך...

דוד

באשטייט איר, ר׳ גרשון?

גרשון

אודאי! פארוואָס דען נישט... כ׳האָב דען עפּעס צו דיר? פארקערט — אזא יאָר אויף מיר וואָסער יונג דו ביסט. גיב דיין האנט און זאָל אייךביידן זיין מיט מזל! קיין בעסערן שדוך האָב איך זיך גאָר קיינמאָל נישט גע־ווינשן... באלד! און די מאמע ווייסט שוין דערפון חנה?

חנה

ניין, נאָך נישט...

גרשון

זי ווייס נישט! אי! וועט זי זיך דאָס א ביסל דערפרייען מיט דער בשורה!

*שרייט*

פעסע! הער נאָר עפּעס, פעסע!..

**פעסע**

פארשטומט זאָלסטו ווערן! ביזט שוין געקומען? אלע בייזע חלומות... האָסטו געזעען, ווי ער האָט זיך דאָס א ביסל צושריען, דער פיאניצע! אין ווייב און קינדער האָט ער אינגאנצן פארגעסן, זאָלן זיי פון הונגער אויס-גיין, אבי ער זיצט זיך דאָרט מיט זיינע חברים, אז זאָל מען מיך שוין אמאָל מיט דיר אינאיינעם באגראָבן. ס'זאָל שוין אמאָל זיין א סוף פון מיין שווארץ מזל ביי אזא פיאניצע...

*די חיינט*

**גרשון**

א פיאניצע, זאָגסטו, פעסע? ניין, ס'איז א ליגן. א יוד— זאָג איך דיר — איז נישט קיין שכור... אמת. שולדיק זענען די חברים, וואָס ארבעטן מיט מיר, שולדיק איז זיינוול. טרייסטן האָט ער מיך געוואָלט, איך זאָל זיך נישט צום הארצן נעמען די צוויי רובל שטראָף, וואָס דער מייסטער האָט מיר פארשריבן, האָט ער געהייסן געבן בראנפן. דערנאָך האָט געטרייסט חיים — און האָט געשטעלט ביער, נח — וייטער ביער, משה — בראנפן... מער גאָר נישט... א יידישער קאָפּ קאָן אָבער אזוי פיל נישט פארטראָגן. האָט ער גענומען, מיין יידישער קאָפּ, און האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען, ווי שמחת תורה מיט די הקפות, להבדיל...

*ער זינגט:*

„עוזר דלים הושיעה נא"!..

**פעסע**

שווייג שוין שטיל! דו וועקסט מיר אויף די קינדער!

**גרשון**

*גאָך הערכער*

נישט קשה, פעסע! אן איידעם וועלן מיר דערפאר האָבן זייער א ניכטערן; קיין ביר און קיין בראנפן נעמט אונ-זער דוד נישט אין מויל...



**פעסע**

וואָס רעדסטו, שכור? פארמאך שוין דאָס מויל! דוד וועט דערהערן אין זיין חדר, וועט דאך זיין א חרפה און א בושה...

**גרשון**

שכור ביסט דו, פעסע!.. זעסט נישט, אָט איז ער דאָך דאָ?.. מיט זיין כלה, מיט אונזער חנה!..

**פעסע**

*בייסט זיך אָפּ די פינגער*

גרשון! געוואלט, גרשון! שווייג...

**גרשון**

*שטופּט דודן ער זאָל צו גיין צו פעסען*

נו, זאָג איר דאָס, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט. אלע מאָל... כאָטש... פונדעסטוועגן דאדא דאכט זיך... און דערלאנג מיט אמאָל א שיט ארויס! און א סוף... שעם זיך נישט, זי איז דאָך דיין מחותנתטע. זעט, ווי ער קאָן דאָ גאָר קיין צוויי נישט ציילן... דערפאר אין פאב-ריק וועסטו נישט געפינען דעם צווייטן בחור צו אים...

**פעסע**

דודו! איז דאָס טאקע אלץ אן אמת?

**דוד**

אן אמת, ר' גרשונס ווייב!.. איך האָב אייער חנהן ליב, אייער מאן איז נישט דערווידער, און איר וועט אונז אודאי אויך נישט שטערן?..

**גרשון**

פארוואָס זאָל זי שטערן, וואָס א נארישקייט דו רעדסט! הע, הע!..

*ער לאכט גוטמוטיק, ארויסשלעפנדיק פון דער קעשענע א פערטל ברויט, הערינג און ער לייגט אוועק אויפן טיש. חנה האָט שוין פריער אויפגעשפרייט אויף דעם עק טיש א האנטטוך, דערלאנגט זאלץ, מעסער, גאָפּל, און הערינג אויף א טעלער. ער וואשט זיך צום ברויט און נעמט עסן, שטיפנדיק דערביי מיט דער פאר-שעמטער חנה... אין דער צייט רעדט פעסע מיט דודן.*

פעסע

ניין, נישט דאָס... חלילה... נאָר איך מיין...

פאַרזיכטיק

דו ווילסט מיט איר חתונה האָבן? האָ?.. ווי גאָט האָט געבאָטן? האָ?

דוד

כאָטש באַלד נאָך שבת, ר׳ גרשונס ווייב!

פעסע

דערלאַנגט אַ זש פון פרייד אַ פּאַטש מיט די הענט

גאָט מיין איינציקער! חנה׳לע! חנה׳שי;

זי נעמט זי קושן מיט טרערן פון פרייד

נו, זאָל זשע אייך זיין מיט מזל! איר זענטביידע גאָר וואוילע קינדער, נישטאָ קיין סך אַזעלכע.

פלוצלינג ווערט זי אומעטיק

דו ווייסט אָבער, אַז חנה האָט נישט קיין נדן? קיין אויסשטאַטונג אפילו, כאָטש עפּעס וועט זיך מיט גאָט׳ס הילף געפונען... מילא, ס׳וועט דאָך מוזן זיין... נאָר גאָר קנאַפּ...

דוד

דאָס אַרט מיך נישט. איך דאַרף חלילה נישט אייער נדן, אַבי געזונט און כח צו דער אַרבעט, ווען מיר נאָך מיט גאָט׳ס הילף אייך אויך אַמאָל קאָנען מיט עפּעס אויסהעלפן. אַכט רובל אַ וואָך פאַרדין איך! אַכט רובל! און אַז גאָט גיט — פאַרדין איך נאָך אַמאָל מער... זאָל ר׳ גרשון זאָגן...

גרשון

יאָ, יאָ, אַכט רובל! אַ גאָלדענער אַרבעטער איז ער!...

פעסע

מיט נחת

אַ גאָלדן האַרץ האָט ער... נו, געלויבט איז גאָט, וואָס ער פאַרלאָזט אונז כאָטש נישט... דאָס האָט זיך מיין מאַמע אין קבר פאַר מיר געמיט.. גאָט זאָל אייך געבן מזל מיט געזונט און ברכה...

דאָס האַרץ איז איר איבערגעפילט



קינדערלעך! אַי, קינדערלעך!...

זי ווישט אַ טרער

שבת אי״ה, וועלן מיר שרייבן תנאים, מיט מזל. און נאָך יום-טוב, אַז גאָט וועט שענקען דאָס לעבן, וועלן מיר אייך מאַכן אַ חתונה!

גרשון

שרייט אויס

נאָך יום-טוב! יאָ! באַלד נאָך יום-טוב אין אַ מזל׳דיקער שעה! און אַ חתונה וועלן מיר אייך טאַקע מאַכן מיט׳ן גאַנצן קנאַק אין אַ סאַלע מיט כלי-זמרים, די גאַנצע פאַבריק וועלן מיר פאַרבעטן! איי, וועט זיך עס דעמאָלט אַביסל טון אויף טיש און אויף בענק הע... הע...

דוד

יאָ, די גאַנצע פאַבריק! זאָלן זיך אַלע פרייען מיט מיין פרייד הע... הע הע...

פעסע

די גאַנצע פאַבריק, נישט די גאַנצע — דאָס וועט מען שוין שפּעטער זען, מיר מאַכן זיך נאָך נישט דעם חתונה-צעטל. דערווייל דאַרף מען זיך גיין לייגן שלאָפן מען זאָל קענען אין דערפרי אויפשטיין צו דער אַרבעט... נו, קינדערלעך שלאָפן! שלאָפן!

דוד

לאָזט מיך, איך בעט אייך, נאָך אַ ביסל דאָ זיצן מיט חנה׳ן, איך וועל סיי ווי די היינטיקע נאַכט נישט קאָנען איינשלאָפן.

גרשון

לאָז אים, פעסע, לאָז אים... שלאָפן וועט ער שוין היי.ז סיי ווי נישט!... איך ווייס עס הע, הע, הע!...

פעסע

אדרבא, אַז דו ווילסט, זיץ זיך מיט איר ווי לאַנג דיין האַרץ גלוסט... איר זענט דאָך שוין איצט חתן-כלה...

פעסע

אַ גוטע נאַכט, קינדערלעך.

דוד

א גוטע נאכט, מחותנת׳טע...

פעסע

נו, און דו חנה, ווילסט גאָרנישט זאָגן דער מאמען א גוטע נאכט?

חנה

כאפט ארום די מוטער.

א גוטע נאכט, מאמע.

פעסע

דראָט איר מיטן פינגער

ע, חנהשי, דיר האָט זיך שוין אינגאנצן דאָס קעפּל פארדרייט... הע, הע! איך קען זיך אויף דעם... נישט קשה... איך געדענק דאָס גוט...

זי גיט צו איר בעט און זעצט זיך טועק פארטראכט

איך געדענק דאָס גוט...

גרשון

קומט צו פעסען ווי א פארחלומטער און זעצט זיך אוועק נעבן איר

דו געדענקסט דאָס אויך, פעסע?... מיר שטעלט זיך דאָס אלץ פאר די אויגן, גלייך ווי ס׳וואָלט ערשט געווען נעכטן...

פעסע

א יאָר ניינצן וועט שוין זיין. הא?...

גרשון

פארטראכט

צוואנציק ווערט חנוכה.

פעסע

געדענקסט, וואָס פאר א קנאקעדיקער פראָסט ס׳איז דאמאָלט געווען?...

גרשון

האָסט נעבעך געפרוירן אין דער פייכטער קעלער-שטוב אינאיינעם מיט דיין אלטן טאטן... דיינע פארפרוירענע פינגער האָבן נישט געוואָלט די נאָדל האלטן. געדענקסט.



ווי איך האָב דיר געוואַרעמט די פינגער אין מיינע הענט?...

ער נעמט אירע הענט און ווארעמט זיי

פעסע

זיפצט אָפּ שווער

איך געדענק!...

גרשון

געדענקסט, ווי איך האָב דיינע הענטלעך געריבן אין מיינע גרויסע אויסגעארבעטע הענט, אז די ביינדלעך האָבן אזש געקנאקט?...

פעסע

ווי פון שלאָף

איך געדענק! איך געדענק...

גרשון

און אז דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָב איך מיט דער פארע פון מויל דיינע פינגער געוואַרעמט, אָט אזוי.

ער נעמט אירע הענט צום מויל

דערנאָך האָב איך די הענט געקושט, דערנאָך דאָס פנים, דערנאָך די אויגן... געדענקסט... געדענקסט?...

פעסע

איך געדענק... איך געדענק...

דוד

האָט זיך דערווייל אוועקגעזעצט נעבן חנהן און דערציילט איר עפּעס שטיל. זי האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ארבעט, נאָר ציטנווייז ווארפט זי אויף אים א ווארעמען בליק. באלד נעמט זי איינפעדעמען א נאָדל, די הענט ציטערן איר אָבער אזוי, אז זי איז דאָס נישט אימשטאנד צו טון... נעמט ער אירע הענט און ווארעמט זיי אין זיינע. דערנאָך קושט ער די הענט, זי לאָזט נישט. די נאָדל פאלט איר ארויס פון האנט, ער געפינט זי און פעדעמט איין. חנה נעמט ווייטער נייען. די אלטע, פארנומען מיט זייער שמועס, באמערקן דאָס אלץ נישט

גרשון

אין א וואָך ארום זענען מיר שוין געווען חתן-כלה... אין פיר חדשים ארום האָבן מיר שוין געהייסן מאן און ווייב... דיין טאטע איז פון אָנפאנג געווען ביי אונז... מיינע פארדינסטן, אינאיינעם מיט דעם, וואָס דו האָסט

פאַרדינט, זענען אויף אַלעם גענוג געווען... און מיר זענען געווען אַ לאַנגע צייט גאָר אינגאַנצן גליקלעך! ווי לאַנג, פּעסעלע?...

**פּעסע**

אַ גאַנץ יאָר... אַז כ'האָב נאָר דאָס ערשטע קינד געהאַט, איז אונז באַלד שלעכט געוואָרן. איך האָב נישט גע־קאָנט פאַרדינען, און די הוצאות זענען גרעסער געוואָרן, דערנאָך בין איך קראַנק געוואָרן, געדענקסט?...

**גרשון**

אוי, געדענק איך! מען האָט שוין דעמאָלט גאָר נישט געמיינט, אַז דו זאָלסט לעבן... דיין קרענק האָט אַלץ פאַרצערט... אַ קישן אונטערן קאָפּ האָבן מיר דערנאָך נישט געהאַט... באַלד איז געבוירן געוואָרן נאָך אַ קינד, און אויך אינאיינעם גרעסערע אָרעמקייט... אין אַ יאָר אַרום דאָס דריטע קינד — דאַכט זיך, טאַקע חנהז האַ?

**פּעסע**

יאָ. חנה...

**גרשון**

דערנאָך שוין אַזוי כסדר: יעדעס יאָר — אַ קינד און אָרעמקייט, אָרעמקייט און אַ קינד... אָך! אָך!...

**פּעסע**

דערנאָך איז דער טאַטע געשטאָרבן, קיין נחת האָט ער נישט דערלעבט, אין שפּיטאָל געשטאָרבן...

**גרשון.**

אַצינד וועלן זיי דאָס אייגענע ליד איבערזינגען...

**פּעסע.**

*דערשראָקן*

ווער?!

**גרשון.**

*ווייזט אויף חנה'ן מיט דוד'ן*

זיי, אונזערע קינדער!...



**פּעסע.**

*כמעט מיט טרערן*

גרשון! וואָס זאָגסטו?! וואָס רעדסטו?

**גרשון**

יאָ, יאָ...

**פּעסע**

*קוקט אַ ווײַלע אויף אים, אַ ווײַלע אויף די קינדער, דערנאָך פאַרצווייפלט... וויל זי זיך טרייסטן*

פונדעסטוועגן איידער זיי וועלן דערפילן, וואָס דאָס איז אָרעמקייט און נויט וועלן זיי דאָך פריער געניסן דאָס אמת'ע גליק, דאָס זיסע לעבן, אַזוי ווי מיר... געדענקסטו

**גרשון.**

יאָ, יאָ! — איין יאָר!...

**פּעסע.**

איין יאָר!...

*דאָס קינד האָט זיך אין וויגל צעוויינט.*

**חנה**

*גייט און דערציילט דערביי דוד'ן, וועלכער קוקט אויף איר מיט פלאַמענדיקע אויגן פון ליבע:*

אונטער דעם זיבנטן וואַלד, אונטער דעם זיבנטן באַרג, אין אַ שטיינערנער הייל, אין אַ גלעזערנעם קאַסטן איז געלעגן אַ פּרינצעסין אין אַ פאַר'כשופטן שלאָף...

**פּעסע.**

*וויגט אין דער זעלבער צייט דאָס קינד און זינגט טרויעריק:*

שלאָף, מיין פייגעלע,<br>
מאַך־צו דאָס אייגעלע,<br>
שלאָף, מיין טייער קינד!...

. . . . . . . . . .

דער מלאך, דער גוטער,<br>
וועט זיין דיין היטער...<br>
שלאָף שוין, שלאָף געזונט!...

. . . . . . . . . .

חנה

אירע ווערטער גיסן זיך צונויף מיט דער מאמעס געזאַנגען

... פון א בייזער, פון א שלעכטער שטיף-מאמע איז די שיינע פרינצעסין פארכשופט געוואָרן, אז אין דער שטיינערנער הייל, אין גלעזערנעם קאסטן זאָל זי פארזונטער יאָרן ליגן און ווארטן, ביז א גואל וועט זיך געפונען, ביז א פרינץ וועט קומען — און וועט אויס-לייזן די פרינצעסין פון פארכשופטן שלאָף — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם

# ווער איז דער גנב?

## דראמאטיש פראָבלעם אין איין אקט

געדרוקט צום ערשטן מאָל אין יידיש אין „פריינד“ (יובילעאום-בײלאַגע) 1912.
געדרוקט אין רוסיש (איבערזעצט פֿון מחבר) אין זשורנאַל „יאָזשנאיא זשיזן“ אָדעס 1913
געדרוקט אין פּויליש (איבערזעצט פֿון מחבר) אין װאָכנבלאַט ,,Izraelita" 1913.

# פּערזאָנען:

**קאַרל שטראַס**
אַדוואָקאַט און געזעלשאַפטלעכער טוער

**אַננאַ**
זיין פרוי

**אַלפרעד בעם**
זיין יוגנט-פריינט

**ווענטיל**
סעקרעטאַר ביי שטראַס

**א פאַרשלייערטע דאַמע**

**א הער**
קליענטן

## ס׳געשעט ביי שטראָם אין וואַרטע-זאַל

דער ווארטע-זאַל איז רייך איינגעאָרדנט, ווי ס׳שטיים-אָן אַ גרויסן אַדוואָקאַט. ביי אַ שיינעם שרייב-טיש זיצט ווענטיל, א יונגערמאַן מער אַלס עלעגאַנט געקלידעט. אויף אַ זאָפע זיצט א דאַמע, אין טרויער-קלידער. דאָס געזיכט מיט אַ געדיכטן שלייער באַדעקט. זי בלעטערט דורך די אילוסטרירטע זשורנאַלן, וועלכע ליגן פאר איר אויף אַ טישל. נישט ווייט פון איר זיצט אלפרעד בעם, אַ פרעם, נאָר גענוג בכבודיק אָנגעטון. זיין אויסזען און זיין האַלטן זיך איז זייער נערוועז.

ווענטיל

איינהערנדיק זיך פון זיין אָרט צו אַ שטיל געריוש, וועלכער קומט פון שטראָמס קאַבינעט

מאַדאַם, דאכט זיך, אַז באלד קומט שוין אייער ריי.
איך הער, אַז הער שטראָם געזעגנט זיך מיטן קליענט.

די דאמע

נישט ענטפערנדיק, שטעלט זיך אויף און ברענגט אין אָרדנונג איר שלייער פארן שפּיגל

ווענטיל

מיט אַ העפלעכן שמייכל

לאנג געווארט, אָבער דאָך זיך דערוואַרט.

בעם

קוים באַהערשנדיק זיין נערוועזן צושטאַנד

צי דענקט איר נישט, הער סעקרעטאַר, אַז איינגנטלעך וואַרט איך פיל לענגער?

ווענטיל

מעסט אים מיט אַ גאווהדיקן בליק פון אויבן ביז אונטן,

איך דענק, מיין הער, אז אייערע געשעפטן האָבן צייט...

**בעם**

*נערוועזער*

איך מיין, אז נישט אייער זאך איז אָפּצושאצן די וויכ-טיקייט פון מיין געשעפט צום אדוואָקאט. אייער זאך איז מיך צו מעלדן, ווען ס'קומט מיין ריי.

**ווענטיל**

*שטעלט זיך אויף*

וואָס מיין זאך, איז מיין זאך. נישט איר האָט רעכט דאָס מיר אָנצווייזן. נישט קיין דינער בין איך דאָ, נאָר — סעקרעטאר, און איך האָב די פולמאכט אליין צו דערליידיקן וועמען איך פארשטיי, נישט צולאָזנדיק אים צום אדוואָקאט, וועלכער איז היינט שטארק פאַר-נומען. ביטע, זאָגט מיר, אין וואָס אייך גייט און איך וועל אייך דערליידיקן.

**בעם**

*וויכער*

איך קאָן עס אייך נישט זאָגן. דאָס איז אזא אָנגעלעגנ-הייט, וועלכע איך מוז נאָר מיט אים אליין... איר ווייסט דאָך, אז ער נעמט מיך אליין אויף...

**ווענטיל**

יאָ, איך ווייס. איך האָב א וואָסער ס'איז אנזונג ווענן וואָס איר קומט דאָ אהער, און טאקע דערפאר בין איך זיכער, אז איר קאָנט ווארטן.. איר קאָנט אלע איבער-ווארטן. און ווען איר האָט נישט קיין צייט, קאָנט איר קומען מאָרגן, אָדער איבערמאָרגן...

**בעם**

*בייסנדיק די ליפ*

וועל איך שוין בעסער ווארטן.

*זעצט זיך צוריק אויף זיין שטול*

**שטראָם**

*קומט פון זיין קאבינעט, ארויסבאגלייטנדיק א קליענט, מיט איבערגעטרי-בענער העפלעכקייט*



אָ, די פאפירן! מיטן גרעסטן פארגעניגן!

*צו ווענטיל*

הער ווענטיל! די פאפירן פון דער אייזנבאן-קאָנצעסיע!

**ווענטיל**

גלייך.

*זוכט צווישן די אקטן*

**שטראָס**

*באמערקט די דאמע*

אָ, מאדאם...

**די דאמע**

*מאכט א צייכן, ער זאָל איר נאָמען פארשוויגן*

**שטראָס**

ביטע, אין מיין קאבינעט. איך קום גלייך

*פירט זי אריין אין קאבינעט*

**ווענטיל**

*דערלאנגט דעם הער די פאפירן*

אָט זענען זיי...

**שטראָס**

*קומט צוריק*

אייך איז דאָך נאָר נויטיק דער דאָקומענט.

*געפינט א פאפיר און דערלאנגט דעם הער*

**דער הער**

א דאנק *באהאלט דעם דאָקומענט*

אדיע

**שטראָס**

נישט „אדיע". נאָר צום גיכן ווידערזען!

*באגלייט אים ביז אין פאָדער-צימער*

איך שטיי אייך יעדן מאָמענט צו דינסט. ווי פארנומען איך זאָל נישט זיין, פאר אייך וועל איך אלע מאָל געפונג צייט געפינען... הע, הע... אויף ווידערזען... אויף ווידערזען...

*קומט צוריק און איבערגייענדיק צו זיך אין קאבינעט, מאכט ער זיך נישט באמערקנדיק בעמן, וועלכער האָט זיך געהאט אפילו אויפגעשטעלט*

הער ווענטיל, מער נעם איך היינט נישט אָן קיינעם.

*גייט צו זיך*

**ווענטיל**

*צו בעמן*

איר האָט געהערט?

**בעם**

טרויעריק

ער האָט מיך נישט באמערקט.

**וועגטיל**

איראָניש

אזוי מיינט איר?

**בעם**

איך בין עס זיכער...

**וועגטיל**

זאָל זיין אזוי. יעדנפאלס, וועט איר הער שטראָסן שוין היינט נישט באקומען צו ריידן.

**בעם**

זייער וויך

איך בעט אייך, מעלדעט מיך. זאָגט אים, אז איך ווארט שוין דאָ מער פון דריי שעה... זאָגט, אז איך מוז היינט, באלד, זיך מיט אים זען... איך בעט אייך זייער! זאָגט אים, אז...

**וועגטיל**

דאָס קאָן אייך גאָרנישט העלפן. היינט איז שוין פארפאלן, קומט מאָרגן, וועל איך אפשר עפעס קאָנען טון פאר אייך...

**בעם**

הער סעקרעטאר! איר קאָנט, דאָס גאָרנישט וויסן, ווי שווער מיר איז צו ווארטן ביז מאָרגן! איר מוזט מיר העלפן! איך וועל אייך זיין זייער דאנקבאר!... זייער...

**וועגטיל**

איראָניש

א, אייער דאנקבארקייט... איך קאָן פאר אייך איצט גאָרנישט טון. אדיע.

ווארט בעם זאָל אוועקגיין

**בעם**

איך מוז זיך זען מיטן אדוואָקאט!

**וועגטיל**

קאטעגאָריש,



הער שטראָס איז היינט מער נישט צו זען, ביטע, גלייך צו פארלאָזן דאָס צימער!

**בעם**

היסטעריש

איך גיי נישט אוועק פון דאנען, ביז איך וועל זיך מיט אים נישט זען.

**וועגטיל**

נאָך העכער

שטיל, שווייגט! ווי וואגט איר אזוי צו שרייען?! איך הייס אייך באלד ארויספירן דורך דעם דינער!

**בעם**

מיך?!

**וועגטיל**

יאָ, אייך! אויב איר גייט אליין נישט די מינוט ארויס פון דאנען!...

## שטראָם

קומט אריין

וואָס איז דאָ פאר א געשריי?

**בעם**

כמעט מיט טרערן

קארל! קארל!... דיין סעקרעטאר וויל מיך פון דאנען לאָזן ארויספירן!...

דרייט זיך אוועק צום ווינקל, נישט צו ווייזן זיינע טרערן

**שטראָס**

מיט א שטילן פאָרוואורף

וואָס טוט איר, הער וועגטיל? איך וואונדער זיך אויף אייך, איר זאָלט זיך אזוי פארגעסן.

**וועגטיל**

אנטשולדיקט, איך האָב נישט געוואוסט, אז דער הער איז אייער פריינט... איך האָב געמיינט... איר האָט דאָך געזאָגט, אז היינט נעמט איר שוין קיינעם נישט אָן, און דער מאן האָט אזוי איינגעשפארט געוואָלט מיט אייך היינט ריידן.

שטראָס

איך האָב אים נישט באמערקט... ווארטסטו דען שוין לאנג?

בעם

שוין די פירטע שעה...

שטראָס

און אויף מאָרגן וואָלסטו נישט געקאָנט אָפּלייגן דיין געשפּרעך? איך בין היינט באמת שטארק בעשעפטיקט, דערצו איז שוין באלד אכט א זייגער און איך האָב זיך באשטעלט היינט מיט מיין ווייב צו גיין אין דער אָפּערע...

אין פאָדער-צימער א קלונג

אָט דאָס איז זי געוויס געקומען מיך צו נעמען און איך האָב נאָך דאָרט אַ קליענט. אַ זייער פארוויקלטער ירושה-פּראָצעס...

בעם

דאָס דריטע מאָל קום איך שוין צו דיר וועגן דעם...

שטראָס

וואָס בין איך שולדיק, אַז ס'האָט זיך פּונקט אַזוי געמאַכט...

אננא

קומט אָנגעטון צו גיין אין דער אָפּערע

אָ! דו ביזט נאָך נישט פארטיק? שוין צען מינוט צו אכט! מיר וועלן היינט ווידער פאַרשפּעטיקן די אוווער-טורע... נו, קום שוין!

שטראָס

איין מאָמענט. איך וועל פּרובן דעם לעצטן קליענט געשווינד צו דערלעדיקן.

אָפּ אין קאבינעט

בעם

טרעט-אָפּ אין אַ ווינקל און בלייבט פון קיינעם נישט באַמערקט

אננא

גיט הענטעלען די האַנט

גוטן אָוונט, הער ווענטיל. איר גייט נישט אין דער אָפּערע? טיטאַ רופאָ זינגט.



ווענטיל

איך האָב פיל ארבעט, דערצו האָב איך קיין בילעט נישט באקומען. און דערצו...

אננא

שלאָגט אים איבער

דריי אורזאכן איז קיין אורזאַך... דער אמת האָט נאָר איין אורזאך...

שטיל

דו ווילסט היינט נישט זיין אין טעאַטער, ווייל איך וועל דאָרט זיין... דו האָסט היינט אַ ראנדע-וואו מיט א צווייטער... דו ליבסט מיך נישט מער!

ווענטיל

טסס... מיר זענען נישט אליין!

אננא

באמערקט בעמן, בויגט זי זיך אריבער איבערן שרייבטיש מכלומרשט פאראינטערעסירט אין הענטילס ארבעט

נאָך אלץ שרייבט איר דאָס זעלבע?

ווענטיל

יאָ, אָבער איך וועל זיי באַלד ענדיקן.

אננא

אָ! ווען איר דאָך קענען נאָך היינט גיין מיט אונז אין טעאַטער!

ווענטיל

דאָס — ליידער — נישט.

אננא

שטיל ביין

זאָג איך דאָך, אַז דו ליבסט מיך נישט מער!

ווענטיל

אויך שטיל

באהערש זיך, אננא. מאָרגן וועל איך זיין ביי דיר.

אננא

דריי אַ זייגער

ווענטיל

יאָ.

**אננא**

זיכער?

**וועגטיל**

זיכער

בעם האָט באמערקט די גאנצע סצענע

## שטראָם

קומט צוריק

דו מוזט מיר אנטשולדיקן, אננא פאָר אליין אין טע-
אטער, איך וועל מוזן א ביסל פאַרשפעטיקן...

**אננא**

קאפריזנע

איך וויל נישט! איך האָב פיינט יעדע מוזיק אָן דיר!
שוין קום מיט מיר!...

**שטראָס**

אוממעגלעך, ליב קינד...

קושט זי אויפן שטערן

**אננא**

מאכט קינדישע גרימאסן

אלץ איז מעגלעך, ווען דאָס קינד פארלאנגט...

**שטראָס**

טאָ זאָל דאָס קינד נישט פאַרלאַנגען דאָס, וואָס איז
אוממעגלעך... נו, גענוג צו קאפריזן זיך. מיין קליענט
ווארט. געשעפט איז געשעפט.

קושט איר האנט

**אננא**

מאכט א קינדיש געוויין

הי, הי, הי... איך האָב פיינט דעם שלעכטן קארלן..
פיינט... פיינט...

**שטראָס**

נו, דאָס וועלן מיר שוין זען...

**אננא**

שלאָגט גלייך איבער די קאָמעדיע, אָנכאַפנדיק וועגטילס אָרעם (אָפ)

פיר מיך אָפ צו דער קארעטע!...

לויפט צו דער טיר, אים מיטשלעפנדיק



**וועגטיל**

וויל זיך באפרייען

לאָז מיך. דו צעררייסט מיר דעם ארבעל... ווילדע אננא...

ביידע אָפ

**בעם**

גייט צו ביז דער טיר, קוקט זיי א ווײַלע נאָך, לאכנדיק שטיל, בייסנד,
דערנאָך שוידערט ער זיך אָפ

כי!

ער וויל צוריק גיין אויף זיין פלאץ און טרעט אָן אויף א גאָלדענעם
בראָסלעט, וועלכן אננא האָט פארלוירן, ארויסשלעפנדיק וועגטילן.
ער הייבט עס שנעל אויף

מאדאם!...

וויל איר נאָכלויפן. באַלד אָבער שטעלט ער זיך אָפ, דענקט א ווײַלע,
קוקט אויף דעם בראָסלעט, ציטערט מיט די ליפן.

פאר איר נישט מער ווי אזא קלייניקייט און פאר מיר...
אלץ, אלץ...

אויף זיין געזיכט זעט זיך, א געוואַלדיק שווערער איבערלעבער קאַמף.
באַלד באהאלט ער דאָס געזיכט אין ביידע הענט

ניין נאָר נישט דאָס...

טראָגט דעם בראָסלעט אויף דער אָפענער האנט צו שטראָס קאַבינעט.
וויל אָנקלאַפן און בלייבט דאָך באַלד שטיין. א לאנגע שווערע ווײַלע..
ער ווישט דעם שטערן פון קאַלטן שווייס

נאָר דאָס איינע מאָל?... צוליב זיי...

עס הערט זיך א קלאַפ מיט דער טיר. בעם ווערט ווי צעמישט,
זוכט ארום זיך, וויל דעם בראָסלעט אוועקלייגן אויפן זעלבן
פלאץ, פון וואַנען ער האָט אים גענומען, אבער איידער ער
באוויזט דאָס צו טון, קומט אריין וועגטיל, בעם באהאלט
אינסטינקטיוו דעם בראסלעט צו זיך אין טאש.

## וועגטיל

איר זענט נאָך אלץ דאָ?

**בעם**

צומישט

ניין...

**וועגטיל**

ווי הייסט — ניין?

**בעם**

ס'הייסט, איך האָב שוין געוואָלט אוועקגיין...

וועגטיל

נאָר וואָס?

בעם

איך גיי שוין טאַקע...

*בלייבט דאָך אויפן פלאץ, קוקנדיק אומרואיק ארום זיך*

וועגטיל

וואָס איז אייך? איר זענט, דאכט זיך, קראנק?

בעם

ניין, ווער זאָגט דען?... אדיע!

*רייסט זיך אָפּ פון אָרט און וויל גיין*

וועגטיל

*פארהאַלט אים*

ווארט נאָר.

בעם

*פארצאפלט*

וואָס ווילט איר?

וועגטיל

איך וויל נישט, איר זאָלט פון דאַנען אזוי אוועקגיין...

בעם

איר ווילט נישט...

וועגטיל

איך פיל, אז איר מוזט זיין זייער אומגליקלעך...

בעם

איז דערפאר.

וועגטיל

וויל איך אייך מיט וואָס ס'איז ארויסהעלפן...

*ער דערלאַנגט אים קליינגעלט, זילבער*

בעם

*קוקט אויף אים שטאר*

א נדבה... ווי א בעטלער!...

וועגטיל

איר וועט עס מיר אָפּגעבן, ווען איר וועט האבן...

בעם

ניין, אַ דאנק... לאָזט מיך גיין...



וועגטיל

חי איר ווילט...

*באהאלט צוריק זיין געלט*

אויף ווידערזען!

*דערלאַנגט אים די האנט. בעם נעמט זי נישט*

איר ווילט מיר שוין אפילו די האנט נישט געבן?

אזוי בייז זענט איר אויף מיר?

בעם

ניין. ווער זאָגט דען...

וועגטיל

נאָר וואָס דען? אהא, מיר זענען נישט פאָרגעשטעלט.

מיין נאָמען איז וועגטיל.

בעם

*מאשינאל*

בעם...

*זיי דריקן זיך די הענט*

וועגטיל

איצט קאָנען מיר זיך זעצן און ריידן ווי באקאנטע, אָדער ווי פריינט, אויב איר וועט מיר דערלויבן זיך אזוי אויסצודריקן?...

*ער דערלאנגט אים א שטול*

בעם

*זיצט נישט*

איך בין נישט אייער פריינט...

וועגטיל

*איראניש*

אך, ס'פאסט אייך נישט, ווייל איר זענט דער פריינט פון ה' שטראָס אליין.

בעם

מיט אים זענען מיר שוין אויך קיין פריינט נישט. אמאָל זענען מיר דאָס יאָ געווען. אין גימנאזיום פון דריטן קלאס אָן, און דערנאָך אין אוניווערזיטעט... אלס סטודענטן צוזאמען געוואוינט, צוזאמען געלערנט, צוזאמען געהונגערט...

**וועניטיל**

*פארזאונדערט*

האָט איר, הייסט עס, געענדיקט אן אוניווערזיטעט.

**בעם**

איך האָב נישט געענדיקט.

**וועניטיל**

*פאראינטערעסירט*

פארוואָס?

**בעם**

דאָס איז א גאנצע געשיכטע.

**וועניטיל**

דערציילט מיר אלץ, עס אינטערעסירט מיך זייער...

**בעם**

איך האָב אייך נישט וואָס צו דערציילן. לאָזט מיך גיין.

**וועניטיל**

דאָך... פארוואָס האָט איר נישט געענדיקט? וואָס האָט אייך געשטערט?

**בעם**

*נערוועז*

לאָזט מיך! וואָס ווילט איר פון מיר? איך האָב נישט איצט קיין מוט צו בארויקן אייער פוסטע נייגעריקייט. מיר האָבן איבערהויפט גאָרנישט מיט אנאנדער נישט מיט אייך, נישט מיטן אדוואָקאט! דאָס דריטע מאָל לאָזט ער מיך שוין אזוי ווארטן שעהן-לאנג, אומזיסט. איצט האָט ער אודאי ווידער אָן מיר פארגעסן... וואָלט ער מיר כאָטש באלד צום ערשטן מאָל געענטפערט יאָ, אָדער ניין. איך האָב דאָך ביי אים נישט געבעטן קיין געלט, נאָר ארבעט! ער האָט אזעלכעברייטע באקאנטשאפט, אזא געוואלדיקן איינפלוס אומעטום. פאר אים דארף עס דאָך נישט זיין שווער... האָט ער מיר צוגעזאָגט זיך ארומצוזען אין איניקע טעג... לויף איך צו אים שוין באלד דריי וואָכן, און אין דער היים — צוויי קראנקע... מיין ווייב און איר מוטער... דאָס קינד וויינט, פון קעלט, פון הונגער!... וואָס זאָל איך זיי טון!...



*פאלט אויפן שטול. א לאנגע פויזע. פלוצלינג הערט זיך פון פאָדער-צימער א קלונג. ער שפרינגט אויף*

מען גייט!...

*באלד הערט זיך אננאס שטים, ווי זי רעדט דאָרט געוויס מיטן דינער*

**וועניטיל**

*בארויקט אים*

וואָס האָט איר זיך אזוי דערשראָקן! דאָס איז נאָר די מאדאם שטראָס צוריקגעקומען. געוויס עפּעס פארגעסן...

**אננא**

*לויפט אריין*

איר האָט נישט געזען?... איר האָט נישט געפונען מיין בראָסלעט?

*זי זוכט*

**וועניטיל**

אייער בראָסלעט? דאָ האָט איר אים פארלוירן?...

*העלפט איר זוכן. שטיל*

טייערע, האָסט טאקע אויף אן אמת פארלוירן, צי דאָס איז נאָר אן אויסרייד אויף צוריקצוקומען?

**אננא**

*בייז*

פארלוירן, פארלוירן! און אלץ דורך דיר... ווען איך כ'האָב דיך געצויגן, אז דו זאָלסט מיך באגלייטן אין קארעטע, איז ער מיר געוויס פון דער האנט אראָפּגעפאלן!

**וועניטיל**

איך האָב דען נישט געוואָלט גיין? נישט מער, ס'האָט מיר וויי געטון. דו האָסט מיר געמאַכט א בלאָען צייכן אויף דער האנט...

**אננא**

*איבערטריבן סענטימענטאל*

און דו מאכסט מיר פיל בלויע צייכנס אויף מיין הארץ! דו ליבסט מיך שוין נישט מער!...

**וועניטיל**

אָבער וואָס דיר פאלט איין...

**אננא**

*ענדערט פלוצלינג דעם טאָן*

פארוואָס זוכט איר נישט מיין בראָסלעט?!...

ו ו ע נ ט י ל

איך זוך דאָך אים...

א נ נ א

באַמערקט בעמ׳ן, קוקט אים אָן פאַרשנד

ווער איז דער הער?

ו ו ע נ ט י ל

דעם אדוואָקאטס יוגנט פריינט, הער בעם.

א נ נ א

אנטשולדיקט, אפשר האָט איר געזען...

ב ע ם

ענדיקט

אייער בראָסלעט?

א נ נ א

יאָ...

ב ע ם

ביטע, אָט איז ער...

נעמט אים ארויס פון טאש און גיט איר אָפּ

א נ נ א

ערשטוינט

איר האָט אים אויפגעהויבן און באהאלטן צו זיך אין טאש?!...

ב ע ם

אַנטשולדיקט... איך...

א נ נ א

איר ווילט זאָגן, אז איר האָט נישט געוואוסט צו וועמען ער געהערט? דאָס איז א ליגן! איר האָט מיך דאָ געזען. און אויב איר האָט נישט באמערקט, אז איך האָב דעם בראָסלעט פאַרלוירן, האָט איר דאָך געמוזט וויסן, אז ער קאָן נישט געהערן קיין אַנדערן, נאָר מיר...

צו וועַנטיל

ווער, זאָגט איר, איז דער הער?



ו ו ע נ ט י ל

הער בעם...

א נ נ א

מיין מאנס פריינט, האָט איר געזאָגט?...

ו ו ע נ ט י ל

המ... יאָ... ס׳הייסט — זיין יוגנט-פריינט...

א נ נ א

נערוועז

דאָס קאָן נישט זיין! דער מאן איז דאָך א געווייני-לעכער גנב!

ב ע ם

שווייגט!...

הויבט אויף די פויסט געגן איר

ו ו ע נ ט י ל

צי זענט איר פון זינען אראָפּ!...

כאַפּט אים פארן האנט

ב ע ם

האלט זיך באלד צוריק

אנטשולדיקט... איך וויים נישט, וואָס מיט מיר טוט זיך דאָ... איך וויים שוין גאָרנישט!... לאָזט מיך אוועקגיין פון דאנען! לאָזט מיך!...

האלט זיך קוים אויף די פיס

א נ נ א

אויסער זיך

דער מענטש האָט געוואגט אויפהויבן קעגן מיר זיין האַנט!

לויפט צום קאַבינעט און קלאַפּט ענערגיש אָן

קארל! קארל! קום נאָר אהער!...

ש ט ר אָ ס

לויפט אריין

וואָס איז געשען?

א נ נ א

ווייזט אויף בעמן מיט פאראכטונג

ווער איז דער אינדיווידואום?...

שמראָם

ערשטוינט

וואָס רעדסטו, אננא?

צו וועגטיל

וואָס איז דאָ פאָרגעקומען?

אננא

איך פרעג דיך. ווער איז דער מענטש, וועלכער איז פעאיק צו באהאלטן אין טאש, א פרעמדע זאך?

שטראָס

אָבער אננא!...

אננא

איך האָב מיין בראסלעט פארלוירן און האָב עס ביי אים אין טאש צוריק געפונען!

שטראָס

וואָס?!

אננא

און אזעלכער האָט נאָך געוואגט אויף מיר די האנט אויפצוהייבן!...

שטראָס

אויף דיר?!

אננא

יאָ. און דאָס נאָר דערפאר, ווייל איך האָב אים אָנגע-רופן ביי זיין ריכטיקן נאָמען...

בעם

גנב! האָט זי מיך גערופן!...

אננא

יאָ! ווייל ער איז עס!

בעם

שיסט אויס אין א היסטעריש געוויין, פאלנדיק אויף א שטול

איך בין עס דאָך נישט! איך בין נישט! איך בין עס קיינמאָל נישט געווען! ניין ניין...

(באהאלט זיין פנים אין די הענט. פויזע)



שטראָס

(שטיל צו וועגטיל)

איז דאָס אַלץ אמת?

וועגטיל

ליידער

(שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ)

שטראָס

אָבער — דאָס איז דאָך אוממעגלעך!

וועגטיל

אזוי איז עס דאָך געווען. אייער פרוי האָט דאָ פאר-לוירן איר בראסלעט און איז באלד צוריקגעקומען אים זוכן... דער מאן האָט אין אָנפאנג זיך נישט געמאכט וויסנדיק. ערשט שפעטער האָט ער דעם בראסלעט צוריקגעגעבן...

שטראָס

א, ווי נידעריק א מענטש קאָן פאלן, ווען ער מאכט נאָר איין פאלשן שריט אין לעבן.

אננא

נישט אמת, קארל, דער מענטש איז נישט דיין פריינט!

שטראָס

ליידער, אמאָל איז ער געווען מיין נאָענטסטער פריינט...

אננא

אויב אזוי, איז עס נאָך שרעקלעכער!...

שטראָס

יאָ, דאָס איז שרעקלעך...

אננא

וואָס-זשע דענקסטו מיט אים איצט צו טון? וועסט דען אים לאָזן ארעסטירן? איך האָב שוין אויף אים רחמנות...

שטראָס

ניין, דאָס נישט... נאָר לאָז מיך מיט אים איצט אליין.

אננא

איך האָב מורא דיך מיט אים אליין צו לאָזן. אזעלכער איז שוין פעאיק אויף אלץ...

**שטראָס**

רייד נישט קיין קינדהייטן, אננא...

**אננא**

איך האָב געלייענט אמאָל אזא ענלעכע געשיכטע...

**שטראָס**

א, נארישקייטן. פאָר זיך רואיק אין טעאטער, איך וועל שפּעטער נאָכקומען.

**אננא**

ווען וועסטו קומען, אז ס׳איז שוין איצט באלד נאָכן ערשטן אקט!...

**שטראָס**

נו, טאָ זאָל אפשר הער ווענטיל היינט מיין פלאץ פאר-נעמען? איר ווילט הער ווענטיל?

**ווענטיל**

מיט פארגעניגן.

**שטראָס**

ביטע. און פארלירט שוין נישט מער קיין צייט, אדיע... ווילט אייך גוט...

**אננא**

גוט זיך ווייל אָן דיר, קארל? איז דאָס דען מעגלעך?... דערלאנגט מיר אייער אָרעם, הער ווענטיל...

כאפּט אים אונטערן אָרעם און ביידע שנעל אָפּ

**שטראָס**

שפּאנט אויף און אָפּ איבערן צימער זייער אויפגערעגט

איך קאָן דאָס גאָר נישט פארשטיין... א!... א!... זאָג מיר, איז דיר דען שוין אזוי שלעכט געוואָרן, אז... אז דו האָסט אוש געמוזט... פארוואָס האָסטו דאָס געטון? דערקלער עס מיר! איך האָב דאָס רעכט ביי דיר דאָס צו פאָדערן! זאָג! פארוואָס האָסטו דאָס געטון?!

**בעם**

האַלט ביידע הענט אָנגעשפאַרט אויף די קני, דעם קאָפּ האָט ער
אין די הענט פארדיגט און ענטפערט נישט



**שטראָס**

דו, וועלכער האָסט זיך אייביק צווישן אונז אלע אויס-געצייכנט מיט דיין פיינעם כאראקטער, דו, וועלכער ביזט קיינמאָל נישט איינגעגאנגען אויף וואָסערע ס׳איז קאָמ-פּראָמיסן... דער ערלעכסטער ביזטו געווען, דער ריינ-סטער, דער שטאָלצסטער צווישן אלע סטודענטן, ווי האָסטו געקאָנט זיך אזוי נידעריק אראָפּלאָזן?!... איך קאָן דאָס גאָר נישט באגרייפן! איך קאָן דאָס גאָרנישט מיט מיין פארשטאנד ארומנעמען!...

**בעם**

צו-ווייט ביזטו אוועק פון מיר, אז דו זאָלסט מיך נאָך איצט קאָנען פארשטיין...

**שטראָס**

איך מיין פארקערט: דאָס ביזטו אוועק פון מיר ווייט!..׳ דאָס ביזטו אראָפּ פון נאָרמאלן וועג.

**בעם**

שטעלט זיך פלוצלינג אויף שטאָלץ און זאָגט עס שטראָסן שאַרף
אין די אויגן אַריין

אויף דיין נאָרמאלן וועג בין איך קיינמאָל נישט גע-ווען! און פון יענער נאכט אָן זענען אונזערע וועגן איין מאָל פאר אלע מאָל זיך צעגאנגען!

**שטראָס**

וועגן וועלכער נאכט רעדסטו עס?

**בעם**

דו ווייסט עס גוט... און אויב דו האָסט עס שוין פאר-געסן, דערמאן איך דיך עס איצט. די ווייסט, ווען דו האָסט אלס סטודענט זיך ארויסגעגנבעט פון אונזער בשותּפותדיק וואוינונג און ביזט אנטלאָפן פון דער אָרי-מער בערטא, וועלכע דו האָסט פארפירט, איבערלאָזנדיק זי אין דער פארצווייפלטער לאגע!

**שטראָס**

לאָזט אראָפּ די אויגן און שווייגט

**בעם**

*הערט אלץ שטארקער, שטרענגער און שטאָלצער, ביסלעכווייז ווערט ער פון אַ באַשולדיקטן דער באַשולדיקער*

נו, איצט דאַרף דיר שוין אַלץ זיין קלאָר... צוויי חברים זענען מיר געווען, צוויי שוועסטער האָבן מיר געליבט... נאָר איך האָב מיין קלאַרא ביזן היינטיקן טאָג נישט פאַרלאָזן! פאַר מיין — אפשר לייכטזיניקער — ייגנט-ליבע האָב איך מיט מיין גאַנץ לעבן באַצאָלט!... איך האָב מיט קלאַראן חתונה געהאַט און האָב דערפאַר פאַרלוירן די מעגלעכקייט צו ענדיקן מיין שטודירן, ווייל צוזאַמען מיט איר איז אויף מיין קאָפּ געפאַלן איר אַלטע מוטער, וועלכע זי האָט פריער דערנערט און אויך איינצייטיק — דיין בערטאַן...

**שטראָס**

בערטאַ?!... איז זי דען אויך ביי דיר?

**בעם**

נאָך מיט אַ חודש צוריק איז זי ביי מיר געווען... פון יענער צייט אָן איז זי ביי מיר געזעסן, צוזאַמען מיטן קינד...

**שטראָס**

מיט מיין קינד?!

**בעם**

מיט דיין קינד.

**שטראָס**

מיין קינד לעבט?...

**בעם**

דיין קינד האָט די גאַנצע צוויי יאָר שווער געקרענקט. בערטאַ האָט דערפאַר נישט געקאָנט אַרבעטן, אַך! ווי זי האָט זיך ביי דעם קראַנקן קינד געמאַטערט!... גאַנצע צוויי יאָר...

**שטראָס**

און איצט?...



**בעם**

מיט פינף וואָכן צוריק איז דיין קינד געשטאָרבן...

**שטראָס**

*קערט אָב זיין געזיכט זייטיגס. פויזע*

און בערטאַ? וואָס טוט זי איצט?

**בעם**

זי האָט גלייך נאָכדעם מיין הויז פאַרלאָזן. ס'איז אונז שוין לענגער אוממעגלעך געווען לעבן צוזאַמען אין ענגעניש און אין נויט... ווי לאַנג איך האָב נאָך געהאַט אַרבעט אין ביוראָ ביים בויען די נייע אייזנבאַן-ליניע, האָבן מיר נאָך געקאָנט ווי-עס-איז דורכקומען, נאָר זינט איך האָב מיין שטעל פאַרלוירן, איז אונז אַלע געווען זייער, זייער שווער. אָפט איז אונז אויסגעקומען צו הונגערן צוזאַמען מיט בערטאַס קראַנק קינד...

**שטראָס**

*שטאַמלט*

פאַרוואָס האָט זי, פאַרוואָס האָט איר זיך צו מיר נישט געווענדט נאָך הילף? איך וואָלט דאָך... איך וואָלט דאָך אַלץ געטון!...

**בעם**

זי האָט עס קיינמאָל נישט געוואָלט, נאָכדעם ווי דו האָסט זי אויף אַזאַ אַרט פאַרלאָזן.

**שטראָס**

וואו געפינט זי זיך איצט?

**בעם**

דאָס ווייס איך נישט. זינט זי איז פון אונז אוועק, איז זי ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלן... מיר האָבן אויך באַלד די שטאָט פאַרלאָזן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז דאָ אָרגאַניזירט זיך אַ נייע אייזנבאַן-געזעלשאַפט בין איך אַהער געקומען זוכן אַרבעט, ווייל אין דעם פאַך בין איך שוין פיל-וויניק באַקאַנט. אַהער קומענדיק, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דו ביזט דער אַדוואָקאַט פון דער געזעלשאַפט און איז דיין פּראָטעקציע איז עס

זייער פיל געוועגדט, איך זאָל אַ שטעל באַקומען... ס'האָט זיך מיר זייער נישט געוואָלט דיך בעטן, אָבער דאָך – געצוואונגען פון דער לעצטער נויט... איך האָב עס אויף קיין פאל נישט געוואָלט טון, אָבער מיין ווייב, איר קראנקע מאמע, מיין קינד... זיי האָבן מיך דערצו געגויט... פאר זיי בין איך אימשטאנד אלץ איבערצוטראָגן... פאר זיי בין איך אימשטאנד אלץ צו טון... און דאָס וואָס ס'איז געשען דאָ, מיט דעם פאר־שאָלטענעם בראסלעט, דאָס איז אויך נאָר צוליב זיי... נאָר זיי צו רעטן פון הונגער... אך, דו ווייסט נישט, וואָס דאָס איז הונגער! דו ווייסט נישט, צו וואָס אַ מענטש איז פעאיק, ווען זיינע נאָנטסטע הונגערן!..

**שטראָס**

איך בין אַ מענטש, און אלץ, וואָס איז מענטשלעך, איז מיר נישט פרעמד... אָבער דאָך איז פאר מיר דיין היינטיקע טאט גאנץ אומפארשטענדלעך! אויף קיין פאל קאָן איך דיך פון איר נישט גערעכט מאכן... אויף קיין פאל!!... עס טוט מיר זייער לייד... איצט נאָכמער, ווייל איך וואָלט געוואָלט פאר דיר אלץ טון... איצט נאָכמער, ווי פריער... נאָכדעם, וואָס איך בין דאָ געוואָר גע־וואָרן... אָבער איך טאָר עס נישט! איך האָב פרינציפן. דאָס, וואָס איך בין דיר שולדיק, דאָס איז אַ אַנדער זאך... וויפיל בערטאַ מיין קינד האָבן דיך געקאָסט, דאָס וועל איך דיר באַצאָלן... באלד...

**בעם**

נערוועז

איך האָב מיט דיר קיין שום רעכענונגען נישט. איך וויל פון דיר גאָרנישט! נאָר אַרבעט גיב מיר!

**שטראָס**

אַ שטעל אין ביוראָ קאָן איך פאר דיר נישט אויסארבעטן.

**בעם**

דו קאָנסט עס יאָ!



**שטראָס**

רואיק

דו קאָנסט עס איצט פון מיר שוין מער נישט פאָדערן. איך קאָן דאָך נישט פראָטעזשירן אַ מיטארבעטער, אין וועלכנס ערלעכקייט איך בין נישט פאָלשטענדיק אי־בערצייגט...

**בעם**

פאלט אריין אין אַ היסטעריש געלעכטער

כא, כא, כא! און דאָס זאָגט מיר דער, וועלכער דארף זיין געגוג איבערצייגט אין זיין אייגענער אומערלעכקייט!...

**שטראָס**

ווייטענד

שווייג! איך פארווער דיר מיך צו באליידיקן!

**בעם**

דו דארפסט עס פילן צום בעסטן, אז אויב ווער פון אונז ביידן איז דער גנב, ביזטו עס, נישט איך!...

**שטראָס**

לאכט שטיל

**בעם**

דו מאכסט זיך לאכן!.. אָבער דו פארשטייסט עס, דו מוזט עס פילן?

**שטראָס**

לאכט ווי געצוואונגען

**בעם**

דו לאכסט נאָך אלץ? וועל איך דיר זאָגן נאָך דייט־לעכער. דיין איצטיקע, זאָגענאנטע ערלעכע קאריערע האָסטו צו פערדאַנקען דאָס, וואָס דו האָסט דעמאָלסט געהאט מוט צו האנדלען ווי אַ גנב!

**שטראָס**

הערט אויף צו לאכן, ווערט ערנסט

**בעם**

איצט לאכסטו שוין נישט...

**שטראָס**

המ... איך קאָן מיר דאָך דערפון נישט מאכן קיין

פּאָרוואורף... איך האָב דעמאָלט געמוזט אנטלויפן, ווייל... ווייל איך האָב נישט געוואָלט גיין צו גרונד צוליב א... צוליב עפּעס א מיידל... פאר איין בחורישן פעלער, פאר איין אומפּאָ־זיכטיקייט באצאָלן מיט מיין גאנץ לעבן — אָ, דאָס וואָלט געווען פיל צו טייער!... איך האָב מיר איצט גאָרנישט פּאָרצוווארפן... אזוי האב איך געמוזט טון!...

בעם

און דאָס זאָגסטו אויף זיכער? מיט אן איבערצייגונג, אז דיין געוויסן איז ריין?...

שטראָס

יאָ. איך בין אין דער ריינקייט פון מיין געוויסן פאָל־שטענדיק איבערצייגט...

בעם

אויב אזוי מוז איך דיר זאָגן, ביזטו איצט דערזעלבער גנב, וואָס דעמאָלסט!

שטראָס

וואַרפט זיך אויף אים מיט אויפגעהויבענע פויסטן

דו וואגסט!...

בעם

גייט אים אנטקעגן

יאָ! איך וואג!... איך האָב געמיינט, אז דו האָסט דיין שולד שוין לאנג אויסגעקויפט דורך חרטה... איך זע אָבער איצט, אז חרטה און אין אלגעמיין — מאָראל, דאָס זענען פאר דיר פרעמדע באגריפן. פאר דיר עקזיסטירט נאָר קאריערע! פאר דיין אייגענער קאריערע טוסטו אלץ... אויב דו ביזט ערלעך, איז עס נאָר דערפאר, ווייל אזוי פארלאנגט עס דיין קאַריערע, אויב דו באַגנבעסט איצט נישט קיינעם, איז עס, ווייל — ערשטנס, דארפסטו עס נישט און צווייטנס, קאָן עס דיין קאריערע שאדן... מענטשן, וועלכע קענען נישט דיין מאָראל; ווערט, וועלכע קענען נישט דיין געוויסן גלויבן דיר,



אלע אכטן דיך!... איך אָבער האָב דאָס רעכט דיר צו שפּייען אין פּנים — און דאָס טו איך! טפו!...

שטראָס

לויפט ווײטענד צום שרייב־טיש, עפנט א שופלאָד, נעמט ארויס פון דארטן א רעוואלווער און צילט אויף בעמען

בעם

אָן א ציטער

נו, שיס אין מיר, אויב דו ביזט זיכער, אז איך האָב דיך אומזיסט באליידיקט!... נו... פארוואָס שיסטו נישט?...

שטראָס

לאזט אראָפּ די האנט מיטן רעוואָלווער

בעם

הע, הע... דיין געוויסן האָט ענדלעך דאָך ערוואכט!... איצט קאָן איך שוין גיין, אדיע, הער שטראָס! דאָסמאָל צוגיין זיך אונזערע וועגן שוין זיכער אויף אייביק...

גייט אפּ. באלד קומט ער צוריק פון פאָדער־צימער, שוין מיטן הוט אויפן קאָפּ, בלייבט שטיין א רגע אויף דער שוועל, נאָכדענקענדיק

פונדעסטוועגן בין איך דאָך נישט זיכער, צי דערפאר האָסטו אין מיר נישט געשאָסן, ווייל דיין געוויסן האָט אין דיר ערוואכט, צי נאָר דערפאר, ווייל דו האָסט גאנץ געווינלעך פלוצלינג מורא באקומען פאר דער פאראנטוואָרטלעכקייט... ווער האָט אין דיר ערוואכט? דער מענטש, צי דער אדוואָקאט?...

שטראָס

שווייגט

בעם

איך פארשטיי, אז פון דיר וועל איך דערויף קיין ענטפער נישט באקומען, נו, זאָל זיין אָן דעם...

אפּ

שטראס

בלייבט אויף זיין פּלאץ אָן באוועגונג. לענגערע פּויזע

די פארשלייערטע דאמע

קומט פון קאבינעט זייער פאַרזיכטיק, נאָר ווען זי איבערצייגט זיך, אז ס'איז קיינער נישטאָ וואַרפט זי ארונטער איר שלייער און אנטפלעקט זייער א שיין, יונג געזיכט

ביזט גאָר אליין, קארל!

**שטראָס**

*ווי אויפגעוואכט*

יאָ, זינא. איצט בין איך שוין פריי..

**די דאמע**

אויפן גאנצן אוונט מיינער!

**שטראָס**

אויפן גאנצן אָוונט... דיינער...

**די דאמע**

*כאפט אים ארום ליידנשאפטלעך*

אָ, קארל! מיין קארל!...

*פאָרהאנג*

# מייז ווייבס משוגעת

## א שפאס אין איין אקט

## פערזאנען:

גבריאל שטיין

ראָזא
זיין גאָר יונג ווייבל

קלאַרא ווייס
איר שוועסטער, א יונגע אלמנה

אדאָלף וועבער
שטיינ'ס פריינד

פאסירט אין שטיינ'ס וואָהנונג; מיטעלמעסיג פארמעגליך איינגעאָרדנעט.

געשפּילט צום ערשטן מאָל אויף פּויליש — אַלס אָריגינאַל — אין וואַרשע 1902.

געדרוקט אין זעלבן יאָר אין וואַרשע — קראָקע — לאָדז ביי „Gebetner i Wolf".

געדרוקט צום ערשטן מאָל יידיש אין אברהם רייזענ'ס וואָכנשריפט „דאָס נייע לאַנד" № 17,18 ניו-יאָרק 1911.

געדרוקט אין שפּאַניש אין זשורנאַל „Israel" בוענאָס איירעס 1923

א ווײלע אין קײנער נישטאָ. באַלד הערט זיך פֿון פֿאָדערצימער אַ קלונג און — נאָך אַ קלײנער פּויזע — אַ צווײטער קלונג.

קלאַרא

קומט פֿון איר צימער, רופֿט אין דער טיר פֿון פֿאָדערצימער.

אננא! עפֿן די טיר. אָ! דאָס זענט איר, הער וועבער? ביטע.

וועבער

קומט. ער איז אַ זײער נישט דרײסטער.

יאָ... איך. אַ גוטן אָוונט אײך, מאַדאַם װײס...

קלאַרא

א גוט יאָר אײך, הער וועבער. איך האָב געוואוסט, אַז איר וועט הײנט קומען. ביטע, זיצט.

זי זעצט זיך בײם טישל.

וועבער

איר האָט געוואוסט? פֿונוואַנען?

קלאַרא

מײן הארץ האָט עס מיר געזאָגט... פֿאַרוואָס זיצט איר נישט?

וועבער

א דאנק!...

ער זעצט זיך האַסטיק.

אויב אײער הארץ האָט אײך יאָ געזאָגט, אַז איך וועל הײנט קומען, הײסט עס דאָך, אַז איר... כ'מײן, אַז אײער

הארץ... כ׳מיין... כ׳מיין...

דרייט דעם הוט אין ד הענט, נישט קענענדיק זיך ארויספלאָנטערן.

קלארא

הער וועבער!

וועבער

שפרינגט אויף.

וואָס, מאדאם?

קלארא

שטערט אייך נישט, זיצט.

וועבער

א דאנק, מאדאם...

זעצט זיך. שווייגט.

קלארא

דאכט זיך, אז איר האָט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן?

וועבער

יאָ. געוואָלט. שטאַרק געוואָלט... ס׳הייסט, געוואָלט האָב איך שוין לאנג... כמעט דעם ערשטן טאָג, ווען איר זענט אהערגעקומען צו אייער שוועסטער... יאָ!... שוין דעמאָלט האָב איך געוואָלט אייך זאָגן... אָבער איך האָב נישט געוואגט... איר ווייסט, איך בין אביסל — ווי הייסט עס — א... א...

קלארא

א נישט דרייסטער.

וועבער

יאָ... ס׳הייסט — ניין! צווישן מענער נישט... פארקערט: צווישן מענער בין איך א — א מאן... אָבער צווישן פרויען איז... איז הייסט עס — בין איך א...

קלארא

א שעמעוודיקער...

וועבער

יאָ...

קלארא

זאָל זיך אייך דאכטן, אז איך בין א מאן — און זאָגט



דרייסט, וואָס איר האָט צו זאָגן!

וועבער

אָ! אויב איר זענט א מאן — האָב איך אייך שוין גאָרנישט וואָס צו זאָגן!...

קלארא

ניין! ניין! איך בין א פרוי!

וועבער

אָט, דאָס איז עס דאָך... דערפאר בין איך דאָך אזוי.. אָבער ניין! היינט, דוקא היינט האָב איך פעסט באשלאָסן...

קלארא

העלפט אים ארויס.

מיר צו ענטדעקן...

וועבער

יאָ... צו ענט—דעקן...

דער הוט פאלט אים פלוצלינג ארויס פון דער האנט, ער הויבט אים אויף, פארלירנדיק די ברילן, ווען ער האָט שוין אויפגעהויבן ביידע, איז ער נאָך מער צומישט און פערשעמט איידער פריער.

קלארא

וואָס איז אייך היינט, הער וועבער?

וועבער

גאָרנישט, מאדאם ווייס... נישט מער — דאָס, וואָס איך האָב היינט געהאט אויף פעסט באַשלאָסן אייך צו זאָגן וועל איך אייך זאָגן...

קלארא

דעפּרייט

וועט איר מיר זאָגן...

וועבער

מאָרגן.

גייט שנעל צו דער טיר.

קלארא

ווארט, הער וועבער! מיין שוואָגער דארף באלד אָנקומען.

**וועבער**

דערפרייט

גבריאל קומט צו פאָרן?!

**קלארא**

מיר דערוואַרטן אים יעדע מינוט.

**וועבער**

איז דאָך גוט! זעט איר, אים וועל איך שוין יאָ זאָגן באלד ווי ער וועט קומען, אז — איך האָב אייך ליב!...

**קלארא**

ציטערט אויף מיט פרייד

איך ווייס עס.

**וועבער**

פון וואנען? ווער האָט אייך געזאָגט?

**קלארא**

איר אליין... און נישט איין מאָל... וויפיל מאָל איר האָט געוואָלט דאָס זאָגן און — איר האָט נישט געקענט, האָב איך יעדעס מאָל דאָך געהערט, ווי אייער הארץ שרייט: איך ליב אייך!

**וועבער**

זעט! — און איך האָב געמיינט, אז איר ווייסט נישט און ווילט נישט וויסן, וואָס עס טוט זיך ביי מיר אין הארץ...

**קלארא**

ס׳איז נישט געווען אזוי. א הארץ פילט א הארץ...

**וועבער**

הייסט עס — איר... אויך?!

**קלארא**

יאָ... איך האָב אייך אויך ליב.

**וועבער**

וואָס איך הער?! געוואלט! אזא גליק האָט מיך פלוצלינג באגעגנט! איך וואָלט, דאכט זיך, איצט ארומגעכאפט קושן די גאנצע וועלט...

וויל זי ארומנעמען.



**קלארא**

דרייט זיך געשיקט אויס פון זיינע הענט

ניין, הער וועבער! אויב איר וועט וועלן קושן די גאנ-צע וועלט, וועט איר מיך צו קושן נישט באקומען.

**וועבער**

ווערט מיטאמאָל ביי זיך שטארק

נישט באקומען, זאָגט איר? איך וועל זיך אליין נעמען! ווייס איך נאָר, אז איר ליבט מיך, וועט אייך שוין קיינער פון מיינע הענט נישט ארויסרייסן! ווי לאנג איך האָב נישט געוואוסט, האָב איך נישט געוואוסט, איצט אָבער, אז איך ווייס שוין...

**קלארא**

ענדיקט...

ווייסט איר שוין...

**וועבער**

ווייס איך שוין... ע, איר לאכט גאָר פון מיר...

**קלארא**

חלילה! איך מעג דען לאכן פון א מאנסביל?...

**וועבער**

איר מאכט חוזק פון מאנסבילשאפט... אמת, איך ווייס, אז איך זע איצט אויס ווי א יונגלביים ערשטן עקזאמען. נו, איז וואָס? עס איז דאָך היינט ביי מיר צום ערשטן מאָל...

**קלארא**

וואָס רעדט איר?! טאקע צום ערשטן מאָל?!

**וועבער**

אויף מיין וואָרט! — כ׳האָב נאָך קיינמאָל נישט געזאָגט קיין פרוי, אז איך ליב זי... אויף מיין ערנוואָרט!

**קלארא**

איך גלויב אייך. און נור ווייל איך גלויב אייך, האָב איך געפונען גענוג מוט חתונה צו האָבן א צווייטן מאָל, נאָכדעם ווי איך בין געווען אזוי אומגליקלעך מיט מיין ערשטן מאן עליו-השלום. איר ווייסט דאָך.

**וועבער**

*שלאָגט איבער*

איך ווייס! איך ווייס. אָבער וואָס טויג אונז צו רעדן וועגן עליו-השלום׳ס? לאָמיר בעסער רעדן וועגן לעבע־דיקע. אנו, מאדאם קלארא, ווען, מיינט איר, זאָלן מיר לאָזן אָפּשפּילן אונזער חתונה מיט מזל?

**קלארא**

אָ! וואָסער ענערגישער מאן איר זענט עס מיטאמאָל געוואָרן...

**וועבער**

פארשטייט זיך! איצט שעם איך זיך נישט מער! פאר־קערט: איצט שעם איך זיך, פארוואָס איך האָב זיך פריער געשעמט. וואָלט איך זיך נישט געשעמט אזוי לאנג, וואָלט איר שוין לאנג געווען מיין ווייב.

**קלארא**

דאָס האָט איר שוין א טעות. איר וועט נאָך איצט אויך מוזן צוּווארטן אויף אונזער חתונה כאָטש א האלב יאָר.

**וועבער**

*שפרינגט אויף*

וואָס רעדט איר! אזש א גאנץ האלב יאָר?!

**קלארא**

יאָ, אזש „א גאנץ" האלב יאָר...

**וועבער**

פארוואָס?! ס׳איז דאָך שוין פאַראיבער מער ווי א יאָר פון אייער מאנס טויט. צו וואָס דארפט איר נאָך לענ־גער ווארטן? איז דען, נישט גלייכער מיר זאָלן שטעלן א חופּה אין א וואָך פינף, פיער, דריי, צו גאָר אין צוויי וואָכן ארום?... ס׳איז דאָך אשאָד צו פארלירן א טאָג פון אזא גליקלעך לעבן ווי אונזערס וועט זיין!

**קלארא**

גלויבט מיר, איך... וואָלט אויך נישט געוואָלט ווארטן לענגער...



**וועבער**

אָט! דאָס מיין איך דאָך!...

**קלארא**

עס פּאסט מיר אָבער נישט פאר דער פאמיליע פון מיין געשטאָרבענעם מאן. אָט, נאָר ווי דאָס טרויער־יאָר האָט זיך געענדיקט און שוין... עפּעס וואָלט עס אויסגעזען ווי איך וואָלט געהאט זיך עמיצן צוגעגרייט פון פריער...

**וועבער**

וואָס ארט עס אונז, וואָס עמיצער וועט טראכטן, אבי מיר זאָלן זיין גליקלעך!

**קלארא**

איך בעט אייך מער דערפון נישט צו רעדן. אנדערש קאָן עס נישט זיין!... און דאָס איז נאָך נישט אלץ...

**וועבער**

וואָס נאָך?

**קלארא**

איך וויל אייך נאָך בעטן, אז טאקע צוליב דעם זעלבן מאָטיוו, זאָל דערווייל אונזער שדוך זיין פאר אלע א סוד

**וועבער**

פאר אלע?

**קלארא**

אפילו פאר מיין שוועסטער

**וועבער**

אפילו פאר איר?!

**קלארא**

פאר איר איבערהויפּט, ווייל זי וואָלט באלד אונזער סוד דערציילט אלע אירע באקאנטע, פארשטייט זיך — בסוד סודות. — איך קען זי שוין גוט — מיין ליב שוועסטערל... פאר איר מוזן מיר זיך היטן מער ווי פאר אלע צוזאמען!... געדענקט!

**וועבער**

דאָס איז דאָך אוממעגלעך, מיר זאָלן זיך אויסהיטן אפילו פאר איר!

**קלארא**

אלץ איז מעגלעך, אויב מען האָט באמת ליב.

**וועבער**

יאָ! אלץ איז מעגלעך! אָבער, ווי אזוי וועלן מיר זיך איצט קענען זעען אזוי אָפט ווי איך וויל, אז איר וואוינט ביי אייער שוועסטער?...

**קלארא**

דאָס איז גאָרנישט שווער. איר דארפט נאָר אזוי מאכן, אז אייערע וויזיטן זאָלן אויסזען ווי פאר אונז ביידן. למשל, ווען איר קומט — פרעגט זיך אמאָל אויף איר, אמאָל אויף מיר... אויב איר ברענגט עפּעס, ווי ס'געשעט, א בלומעל, א באָנבאָניערע, זאָלט איר אויך ברענגען פאר איר פונקט ווי פאר מיר...

**וועבער**

ווי קען מען דאָס איינע ליבן און דער צווייטער ברענגען בלומען, באָנבאָניערעס?...

**קלארא**

די צווייטע איז דאָך מיין שוועסטער.

**וועבער**

איך ליב דאָך נאָר איין שוועסטער...

**קלארא**

אזוי מוז עס זיין! איר וועט טון ווי איך פארלאנג. אויב איר האָט מיך באמת ליב אזוי שטארק ווי איר האָט נאָר וואָס געזאָגט... כ'מיין — ווי איר האָט אונז נישט געקענט ארויסזאָגן...

**וועבער**

איך האָב אייך נאָך ליבער, ווי איך האָב אונז נישט געקענט ארויסזאָגן! און דערפאר וועל איך שוין טון אלץ, וואָס איר וועט מיר באפעלן!



**קלארא**

דאָס איז שיין געזאָגט!... נו, באפעל איך אייך איר זאָלט שוין גיין.

**וועבער**

ס'הייסט — איר טרייבט מיך ארויס?

**קלארא**

חלילה. איך וויל נישט, אז מיין שוועסטער זאָל באמערקן, אז מיר ריידן דאָ צו לאנג... זי וועט צו מיר צושטיין איך זאָל איר דערציילן, וואָס מיר האָבן גערעדט — און מיר איז אזוי שווער צו זאָגן א ליגן.. אלזאָ — אויף ווידערזען.

דערלאנגט אים די האנט

**וועבער**

קוקט איר אין די אויגן בעטנד

איך גיי אָבער — לאָמיר זיך כאָטש געזעגענען ווי — חתן-כלה...

וויל זי ארומנעמען

**קלארא**

נישט איצט! א צווייטן מאָל. גייט!

דרייט זיך ארויס

**וועבער**

גיי איך שוין אוועק און איידער איר קוקט זיך ארום בין איך דאָ ביי אייך א צווייטן מאָל. אויף ווידערזען, מיין ליבע, מיין איינציקע קלארא!

**קלארא**

באגלייט אים ארויס

איר זאָלט זיך נישט דערוועגן היינט מער קומען צו מיר!

**וועבער**

וועל איך היינט קומען צו אייער שוועסטער... אָבער— ביי דער געלעגנהייט וועל איך דאָך אייך אויך זען...

אָ

**ראזא**

קומט פון איר צימער קענטיק אויפגערעגט

קלארא

קערט זיך אום באמערקט זי

וואָס איז דיר ראָזא? וואָס ביזטו אזוי אויפגערעגט?

ראָזא

קלארא! דו ביזט דאָך מיין איינציקע שוועסטער; צווישן אונז דארף קיין סוד נישט זיין...

קלארא

וועגן וואָסער סוד רעדסטו?

ראָזא

ער איז דאָ געווען!... כ׳ווייס, כ׳האָב געהערט, ווי ער איז אריינגעגאנגען... כ׳האָב געהערט, ווי ער האָט מיט דיר אזוי הייס געשמועסט, אָבער וואָס האָב איך נישט געהערט. כ׳האָב אזוי געוואָלט אהער אריינגיין, נאָר — ס׳האָט מיר געפעלט דרייסטקייט...

קלארא

טאקע בעסער, וואָס דו ביסט נישט אריינגעגאנגען.

ראזא

וואָס האָט ער מיט דיר גערעדט?

קלארא

דאָס קאָן איך דיר היינט נישט זאָגן. אפשר—אן אנדערש מאָל...

ראזא

כ׳ווייס, פארוואָס ווילסט מיר נישט זאָגן: ער האָט דיר שוין דערציילט וועגן זיין ליבע...

קלארא

האָסט זיך אונטערגעהערט! פע, נישט שיין!...

ראזא

ניין, ניין! כ׳האָב גאָרנישט געהערט!

קלארא

פון וואנען זשע דען ווייסטו?

ראזא

ער האָט מיר וועגן דעם געשריבן.



קלארא

דיר?!

ראזא

יאָ... ער האָט מיר געשריבן, אז ער ליבט מיך...

קלארא

ראזא! וואָס איז דאָס פאר א שפאס?...

ראזא

ניין, קלארא! דאָס איז נישט קיין שפאס. איך ליב אים אויך...

קלארא

ניין! דאָס איז דאָך אוממעגלעך! איך גלויב דאָס נישט! איך גלויב נישט!

ראזא

דו גלויבסט נישט? טאָ נאַ, ליין — דו זאָלסט צום גלויבן קומען!...

באקומט ארויס פון איר בוזעם א בריוו אָן א קאָנווערט און דערלאנגט אים קלארא׳ן

קלארא

ליינט אים, וואָס אמאָל מער פארחאונדערט

מאדאם!... אנטשולדיקט מיר, וואָס איך וואג... ביז היינט האָב איך נישט געוואגט... אָבער ענדלעך, היינט מוז איך אייך זאָגן, אז — — אז איך ליב אייך!... וואָס זאָל דאָס באדייטן?! איך פארשטיי דאָס נישט!

ראזא

וועלכעס? דו קאָנסט נישט איבערליינען? גיב, וועל איך דיר איבערליינען...

ליינט

„איך ליב אייך שוין מער פון א האלב יאָר“ — הערסט? — פון א האלב יאָר!... „דאָס איבעריקע וועל איך אייך שוין זאָגן היינט פערזענלעך. אייערער אויף אייביק — אדאָלף וועבער... דו הערסט! מיינער אויף אייביק... אויף אייביק! אך! ווי גליקלעך איך בין! מיך האָט נאָך קיינער נישט געליבט אויף אייביק!...

**קלארא**

דאָס קאָן דאָך נישט זיין!

**ראזא**

וואָס פאר א אומגלויבערין דו ביסט! אָט שטייט דאָך דאָ געשריבן מיט זיין אייגענער האנט — און דו האלסט אין איין שרייען, אז דאָס קאָן נישט זיין...

**קלארא**

דאָס איז דאָך מיאוס! פארברעכעריש! דאָס איז נאָך פיל ערגער!

**ראזא**

כ'ווייס — דו זאָגסט עס דערפאר, ווייל איך האָב א מאן?... אָבער איך מיין דאָך - חלילה -- נישט קיין שלעכטס!... איך מיין נאָר... עט! וואָסער נייס... איך בין דען איינע? וועלכע פארהייראטע פרוי האָט דאָס נישט היינטיקע צייט קיין שטיקל פלירט?

**קלארא**

איך גלויב נישט מיינע אייגענע אויגן!

*אין באדעצימער הערט זיך א קלונג*

**ראָזא**

*ציטערט אויף*

קלארא! איך פיל... מיין הארץ זאָגט מיר, אז דאָס איז ווידער ער!...

*זי לויפט צו דער טיר, הערט זיך אונטער און רופט באלד שטיל*

יאָ! ער!... ער רעדט מיט דער דינסט... ער פרעגט זיך אויף מיר...

**קלארא**

אויף דיר?!

**ראָזא**

מיין ליבע קלארא, דו מוזט מיר ענטשולדיקן...

**קלארא**

צו דיר האָב איך גאָרנישט. אָבער ער... ער!

**ראָזא**

איך מיין נישט דאָס... איך מיין, דו זאָלסט מיך איצט



לאָזן מיט אים אליין...

**קלארא**

אליין?! אליין?! נו, איך שטער אייך נישט... בלייבט זיך דאָ אליין ווי לאנג אייער הארץ גלוסט...

*זי זעצט זיך אוועק זייער אויפגערעגט*

**ראָזא**

טאָ פארוואָס האָסטו זיך גאָר אוועקגעזעצט?...

**קלארא**

*שפרינגט=אויף בייז*

איך האָב זיך נישט אוועקגעזעצט! האָב נישט מורא... איך וויל גאָרנישט זיין דערביי! איך וועל זיך אפילו נישט אונטערהערן, ווי דו האָסט געטון!

*לויפט ארויס צו זיך אין צימער, פארקלאפנדיק די טיר*

**ראָזא**

פארוואָס איז זי אזוי בייז?...

## וועבער

*קומט פון פאָדערצימער. אין איין האנט טראָגט ער א גרויסן בוקעט בלומען, אין דער צווייטער האנט — א גרויס שאכטל שאָקאָלאד*

**ראָזא**

אָ, הער וועבער! ענדלעך זענט איר געקומען!...

*זי ציט צו אים אויס ביידע הענט*

**וועבער**

*דערלאנגט איר—אָנשטאָט די הענט—דאָס שאכטל שאָקאָלאד*

דאָס איז פאר אייך.

**ראָזא**

א דאנק. *נעמט עס*

**וועבער**

*ווייזט אויף די בלומען*

און אָט די בלומען האָב איך געבראכט פאר...

**ראָזא**

*כאפט ביי אים ארויס די בלומען*

א גרויסן דאנק אייך! ווי איר האָט עס געוואוסט, אז איך ליב בלומען ליידנשאפטלעך!... ביטע—זיצט.

*זעצט זיך און ווייזט אים אן ארט נעבן זיך*

ווּעבער

אין פארלעגנהייט

יאָ... אָבער—אייער שוועסטער האָט אויך ליב בלומען, ליידנשאפטלעך...

ראָזא

סענטימענטאל

וואָס גייט זי אונז אָן ?!

ווּעבער

פראָטעסטירט

אָ, מאדאם שטיין!...

ראָזא

אָ! הער וועבער!...

ווּעבער

פארדעכטיק

וואָס איז אייך היינט געשעען?!

ראָזא

איר פרעגט נאָך וואָס?... אייער בריוו... איך האָב אים געליינט...

ווּעבער

פארוואונדערט

איר האָט גאָר געליינט מיין בריוו? נישט אייער שוועסטער?

ראָזא

זי אויך... מיר האָבן אים געליינט — ביידע...

ווּעבער

דערפרייט

אָ! אויב אזוי — הייסט עס — ווייסט איר שוין אלץ?

ראָזא

אלץ. ביטע, נעמט א שאָקאָלאד...

דערלאנגט אים

ווּעבער

נעמט דאָס גאנצע שאכטל

א דאנק, שפעטער... איך בין אזוי דערפרייט מיט דער גוטער נייס!... א שטיין איז מיר אראָפּ פון הארץ!... אי,



ווי איך האָב פיינט סודות... איז — ווי מיינט איר וועט איצט זיין מיט אונזער חתונה?

ראָזא

א דערציטערטע

וואָס רעדט איר! איר מיינט טאקע דאָס אלץ אויף אן אמתן?!

ווּעבער

וואָס דען האָט איר געמיינט?! אודאי וועלן מיר חתונה האָבן, און טאקע שוין!

ראָזא

שוין חתונה האָבן?!

שפרינגט אזש אויף פון איר אָרט

ווּעבער

הע, הע... שוין? כ'מיין, אזוי, אין צוויי, דריי וואָכן ארום...

ראָזא

הער וועבער! איך האָב געמיינט, אז איר מיינט נישט מער נאָר אזוי אביסל א... א... פלירט!

ווּעבער

מאדאם שטיין! איר באליידיקט מיך!.. מיר האָבן זיך ליב ווי ערנסטע מענטשן!..

ראָזא

יאָ... אָבער...

ווּעבער

נו, איז צו וואָס אָפּלייגן אזא גליק ווי אונז דערוואַרט? בעסער מאכן דאָס איינס, צוויי, דריי — חתונה געהאט און א סוף!

ראָזא

ווי—ווי—ווי קען מען עס אזוי—איינס צוויי דריי?..

ווּעבער

פארוואָס זאָל מען נישט קענען? וואָס דארפן מיר קוקן אויף א געוועזענעם מאן, אויף א געוועזענע פאמיליע?

וואָס גייט אונז אָן די גאַנצע וועלט, ווען מיר ביידע האָבן זיך אַזוי ליב... נעמט אַ שאָקאָלאַד!..

דערלאַנגט איר

ראָזא

א דאנק. איך קען נישט איצט...

וועבער

טאָ זאָל זיין שפּעטער... איך האָב באַשלאָסן, אַז איך לאָז זיך מער נישט איינריידן קיין נאַרישקייטן! האָסט ליב איז — אָפן! פאַר דער גאַנצער וועלט...

ראָזא

שוין כמעט מיט טרערן

אָבער דאָס קען דאָך נישט זיין!...

וועבער

ס׳קען נישט זיין, זאָגט איר?! נו, וועל איך אייך איבער־צייגן, אַז עס קען שוין יאָ זיין!

ראָזא

אוי, וואָס ווילט איר טון?!

וועבער

אייער מאַן קומט היינט צופרוּ?

ראָזא

יאָ, באַלד...

וועבער

גוט! וועל איך מיט אים די זאַך איבעררעדן!

ראָזא

ניין! ניין!

וועבער

יאָ, יאָ! גבריאל איז מיין בעסטער פריינט... ער וועט מיך צום בעסטן פאַרשטיין... ער וועט שוין געפינען אַן אויסוועג...

ראָזא

ווי גאָט איז אייך ליב, הער וועבער, טוט עס נישט!

וועבער

פאַרוואָס?



ראָזא

ווייל איר האָט אַ גרויסן טעות אין מיין מאַן, מיינענדיק אַז ער וועט אויך פאַרשטיין... דאַרויף איז ער צו פראָזאַאיש... צו פּראַקטיש...

וועבער

אָט, טאַקע דערפאַר!

ראָזא

ניין! זאָגט אים גאָרנישט! איך וויל נישט! איך וויל נישט!

וועבער

איר ווילט נישט?! ס׳הייסט — נישט גענוג איר העלפט מיר נישט צו באַקומען מיין גליק, ווילט איר מיר נאָך שטערן?! דאָס האָב איך פון אייך שוין נישט דער־וואַרט! איך בין בייז אויף אייך, מאַדאַם ראָזא, ווייל איך זע, אַז נישט קוקענדיק דערויף, וואָס מיר זענען שוין אַזוי גוט ווי אייגענע, האַנדלט איר קעגן מיר נאָך ערגער פון אַ פרעמדער...

ראָזא

אך, זאָגט עס נישט, הער וועבער! איך בין אייך נישט פרעמד! נאָר... אָך!...

וועבער

אך און אָך און אָך! און ווען ס׳קומט צו דע־ זענט איר אין דער היים נישטאָ!... אָבער איך ע אפילו אויף אייך נישט קוקן און וועל טון ווי פאַרשטיי!...

ראָזא

פלוצלינג אנטשלאָסן

ניין! אויב דאָס מוז שוין געשען, — וועל איך אים אליין אַלץ דערציילן!...

וועבער

איר?... נו, זאָל זיין איר... און אויב איר וועט נישט אויספירן — וועל איך זיך נעמען צו דער אַרבעט.

ראָזא

איך אליין!... איך וועל אייך איבערצייגן, אז איך בין נישט גלייכגילטיק צו אייער געוויסער ליבע...

וועבער

אָט! אזוי האָב איך אייך ליב! אויב אזוי מעגן מיר זיך שוין צוקושן!

*חיל זי ארומנעמען*

ראָזא

*אנטלויפט*

ניין! ניין! נאָך נישט איצט!...

וועבער

פארוואָס דען נישט? מיר זענען דאך שוין אזוי גוט ווי אייגענע... לאָמער זיך צוקושן!...

ראָזא

ניין! נישט היינט, שפּעטער... נאָך דער חתונה...

וועבער

זאָל זיין שפּעטער, זאָל זיין נאָך דער חתונה... נישט דאָס איז דער עיקר... דער עיקר איז, איר זאָלט שוין אין איינוועגס איבעררײדן מיט אייער שוועסטער אויך...

ראָזא

גוט! מיט איר וועל איך אויך רײדן...

וועבער

אָט! צייגט זי איבער, ווי א שוועסטער...

ראָזא

*פאלט אריין וואָס אמאָל אין א גרעסערן פאטאָס*

אים, זי, אלע! די גאנצע וועלט וועל איך איבערצייגן!

וועבער

דאָס מיין איך!

ראָזא

אז מען וועט דארפן, וועל איך קעמפן!

וועבער

בראוואָ!



ראָזא

קיינער האָט נישט קיין רעכט צו שטיין אויפן וועג פון די, וואָס ליבן זיך! אפילו אַן אייגענער מאַן!

וועבער

סיי א לעבעדיקער, סיי א טויטער מאַן!

ראָזא

אוי!

*פאלט אויפן שטול א דערשראָקענע...*

וועבער

איצט בין איך פון אייך צופרידן... ניין! דערפאר מוז איך אייך שוין צוקושן!

ראָזא

ניין! ניין! נאָך נישט איצט! נאָך נישט איצט!

*אנטלויפט צו זיך אין צימער*

קלארא

*איז אריינגעקומען אויף די לעצטע ווערטער*

קלארא

ווי איך זע, גייט אייך דאָ גאָר נישט שלעכט...

וועבער

שלעכט? מיר גייט זייער גוט! מיט אייער שוועסטער בין איך שוין אויף א וועג...

קלארא

און איר האָט נאָך די העזה מיר דאָס צוזאָגן אין די אויגן?!

וועבער

פארוואָס דען נישט?

קלארא

דאָס איז דאָך אומדערהערט!

וועבער

זייט נישט בייז אויף מיר. איך בין אַן אָפּענהאַרציקער. איך האָב פיינט סודות. אז איך האָב ליב, האָב איך ליב פאר דער גאנצער וועלט — און א סוף!

קלארא

צו אייך האָב איך גאָרנישט. איר זענט א מאן, ווי אלע מענער... אָבער מיין שוועסטער, מיין שוועסטער!...

וועבער

אזא יאָר אויף מיר, וואָסער שוועסטער איר האָט!... זי איז באלד אויף אלץ באשטאנען!

קלארא

אויף אלץ?!

וועבער

אויף אלצדינג! דאָס איז שוין איינמאָל א שוועסטער! נעמט אַ שאָקאָלאד...

דערלאנגט איר דאָס שאכטל

קלארא

הער וועבער! דאכט זיך, אז איר דערלויבט זיך חוזק צו מאכן פון אונז ביידע!

וועבער

וואָס פאלט אייך איין, מיין ליבע קלארא?!

קלארא

נאָר נישט אייער ליבע קלארא!

וועבער

וואָס איז געשעען?!

קלארא

ער פרעגט נאָך, וואָס איז געשעען!...

וועבער

וואָס בין איך שולדיק, אז איר האָט אליין, די ערשטע, אלץ דערציילט אייער שוועסטער?

קלארא

ווער? וואָס? ווען? וואָס רעדט דער מענטש?!

וועבער

איר האָט דאָך איר אפילו געוויזן מיין בריוו!

קלארא

וואָסער בריוו? וואָס טוט זיך דאָ?



וועבער

מיין בריוו, אין וועלכן איך האָב אייך דערקלערט, אז איך ליב אייך!...

קלארא

מיך?!...

וועבער

וועמען דען? הע, הע...

קלארא

הייסט עס, אז דער דאָזיקער בריוו איז גאָר געווען געשריבן צו מיר?...

וועבער

א שיינע פראגע... צו וועמען דען האָט ער געזאָלט זיין געשריבן?...

קלארא

און אדרעסירט איז געווען — אויך צו מיר?

וועבער

פארשטייט זיך... ניין! דער אדרעס איז געווען פון אייער שוועסטער — אָבער כ'האָב דייטלעך צוגעשריבן: „פאר מאדאם קלארא ווייס"...

קלארא

שיסט-אויס מיט א געלעכטער

הא, הא, הא!... אזוי גאָר!... הא, הא, הא...

וועבער

לאכט מיט

הא, הא, הא... שוין נישט בייז?... שוין ווידער מיין ליבע קלארא?...

קלארא

הא, הא, הא! איצט פארשטיי איך אלץ...

וועבער

גלויבט איז גאָט!... אָבער זאָגט מיר אויך, וואָס איר פארשטייט, ווייל איך הויב נישט אָן צו פארשטיין...

קלארא

מיין נאיווע, קינדישע שוועסטער... הא, הא, הא!

**וועבער**

זי איז גאָרנישט אזוי נאיוו, איר מיינט. פארקערט. זי האָט באלד פארשטאנען, אז אונזער ווארטן האָט נישט קיין זינען. אָ, זי איז זייער א גוטע! זי האָט זיך אונטערגענומען איבערצורייד מיט גבריאלן! ער זאָל איר העלפן דיך איבעררייד נישט צו זיין אזוי איינגעשפארט.

**קלארא**

האָט זי זיך — הייסט עס — דאָך דערוואוסט דעם אמת?

**וועבער**

איך האָב זיך פאר איר אויסגערעדט מיין הארץ, ווי פאר אַן אייגענער שוועסטער. און זי האָט זיך די זאַך אזוי צום הארצן גענומען, טאקע באמת ווי א שוועסטער!... אז — צום סוף האָב איך זי געוואָלט ארומכאפן קושן ווי א שוועסטער... נעם א שאָקאָלאד...

**קלארא**

דאָס אָ האָב איך שוין געזעען... אָבער איך האָב געמיינט... אי, אדאָלף, האָסטו דאָ פארקאָכט א קאשע!...

**וועבער**

איך גאָר?!...

**קלארא**

זי וועט דאָך איצט יעדן דערציילן! אלע וועט זי נעמען צו הילף קעגן מיר! זי וועט מיך פארמוטשן... וואָס האָסטו געטון!

**וועבער**

אז דו האָסט זיך אזוי איינגעשפארט... נעם א שאָקאָלאד...

**קלארא**

נישט איצט איז די צייט צו עסן שאָקאָלאד. איך מוז באלד זיך נעמען צו פאררייכטען דאָס, וואָס דו האָסט קאליע געמאכט... דיך וועל איך נור בעטן, זאָלסט מיך איצט לאָזן מיט מיין שוועסטער אליין.



**וועבער**

וואָס?! טרייבסט מיך ווידער?... ניין! איצט גיי איך נישט פון דאנען, מען זאָל מיך אפילו טרייבן מיט שטעקנס!...

**קלארא**

דערלאנגט אים אין האנט זיין הוט מיטן שטעקן און דראט אים מיטן פינגער

נישט זיין איינגעשפארט, נור טון, וואָס זי הייסט... אויב נישט וועט זי אים נישט ליב האָבן...

**וועבער**

איך בין קיינמאָל נישט געוועזן איינגעשפארט... פארקערט... אָט, גיי איך דאָך...

**קלארא**

אָט, אזוי — האָב איך ליב... אדיע!

שנעל אָפּ צו זיך אין צימער

**וועבער**

רופט איר נאָך

אָבער אזוי ווי גבריאל וועט נור קומען, בין איך ווידער דאָ צוריק... איך דארף מיט אים נויטיק ריידן... אויף ווידערזען! מיין ליבע, מיין טייערע, מיין איינציקע... אויף ווידערזען...

אָפּ אין פאָדער-צימער

## ראָזא

קומט שנעל פון איר צימער, לויפט צום ביכער-שראנק, זוכט דאָרט נערוועז

**ראָזא**

וואו איז עס?... וואו איז עס?!

זי געפינט דאָס געזוכטע בוך

אָט! דאָס!...

זי זעצט זיך אוועק, מישט שנעל אויף און לייענט מיט טרערן אין דער שטימע

„מארי איז אריין אין איר מאנס ארבעטס-צימער. ער איז געזעסן און האָט געשריבן. זי איז דרייסט צוגעטראָטן און האָט געזאָגט, דאָס וואָס זי האָט געהאט

שוין לאנג פעסט באשלאָסן: „ווייל איך אכטע דיך, וויל איך דיך מער נישט נארן און זאָג דיר אָפן, אז איך ליב א צווייטן... איך קען גוט דיין איידעלן כאראקטער, בין איך איבערצייגט, אז דו וועסט מיך נישט וועלן צושמידן צו זיך מיט געוואלד"... און ער האָט באלד געענטפערט: „דו ביסט א ערלעכע זעעלע, ווייל דו זאָגסט עס מיר אָפן, און דערפאר — באפריי איך דיך"... זי האָט זיך געפילט אזוי גערירט פון זיין העלדישער האנדלונג, אז זי האָט מיט טרערן אויסגעשריגן: — אָ, היינריך! ווי איידל דו ביסט! דו ביסט מיר פון טיפן הארצן א שאָד! אָבער — ליידער! ליידער..."

זי פאלט מיטן פנים אויסן בוך וויזענדיק...

גבריאל

קומט פון גאס אין א רייזע-מאנטל, מיט א רענצל אין האנט

**גבריאל**

ראָזא! וואָס וויינסטו?!

**ראָזא**

פאלט מיט פרייד אין זיינע ארעמס

גבריאל! אָ, גבריאל!

**גבריאל**

האָסט געמיינט, איך וועל שוין היינט נישט קומען, האָסטו זיך דערפאר צעוויינט?... ליב קינד מיינס. דער צוג האָט אביסל פארשפעטיקט. איך האָב אפילו גע-מיינט, אז מיין ווייבעלע וועט מיך אָפּווארטן.

**ראָזא**

באפרייט זיך פון זיינע אָרעמס

דו האָסט דאָך נישט ליב, איך זאָל דיך אָפּווארטן... איבערהויפט היינט, ווען דאָס איז געשעען...

**גבריאל**

דערשראָקן

וואָס איז געשעען?

**ראָזא**

גאָרנישט... גאָרנישט...



**גבריאל**

ניין, דאָ איז יאָ עפּעס געשעען!... איך וויל וויסן וואָס!

**ראָזא**

אויב דו ווילסט עס דוקא וויסן, בין איך נישט שולדיק... וועל איך דיר אלץ זאָגן און — זאָל עס געשעען!... זעץ זיך.

**גבריאל**

איך וועל שוין שטיין, זאָג!

**ראָזא**

ניין, בעסער זאָלסט דערביי זיצן...

**גבריאל**

נו, גוט. זיץ איך שוין, זאָג!

זעצט זיך

**ראָזא**

הער מיך אויס, מיין מאן!

**גבריאל**

שפרינגט אויף נערוועז

געוויס הער איך!...

**ראָזא**

בעטנד

שטעל זיך נישט אויף... זיץ!

**גבריאל**

איך זיץ דאָך... אָבער זאָג שוין אמאָל...

זיצט

**ראָזא**

ווייל איך אכטע דיך...

**גבריאל**

פארנייגט זיך — אויפשטייענדיק

דאָס איז מיר זייער אנגענעם...

**ראָזא**

קאפריז

אָבער הויב זיך נישט אויף!

**גבריאל**

הע, הע... דו האָסט שוין — זע איך — אויסגעטראכט

עפעס א ניי שפיצל... ווייסטו וואָס, קינד? מיר חעלן דאָס איבערלאָזן אויף שפּעטער. איצט בין איך הונגעריק ווי א וואָלף!

ראָזא

גבריאל! שלאָג מיר נישט איבער... די זאַך איז זייער אַן ערנסטע!...

גבריאל

שפּאָטיש

אָהאָ! אזש אזוי!.. אנו, לאָמיר זשע הערן די ערנסטע זאַך... אָבער געשווינד, ווייל איך האַלט נישט אויס פון הונגער!...

ראָזא

מיט איין אָטעם

איך ליב א צווייטן! איך קען גוט דיין איידעלן כאַראַקטער — בין איך איבערצייגט, אז דו וועסט מיך נישט צושמידן מיט געוואַלט... אָ!...

גבריאל

פּרובט אויף, וויל לאַכן, אָבער עס גייט נישט..

הע, הע!... וואָ—וואָ—וואָס?! הי, הי... דאָס איז עס דיין נייער שפּאַס?

ראָזא

ניין... יאָ... ס'הייסט — ניין!...

גבריאל

כ'מוז דיר זאָגן, ראָזא, אז — כאָטש איך האָב אלע דיינע קינדערייען זייער ליב, אָבער דער שפּאַס געפעלט מיר גאָרנישט!

ראָזא

דאָס איז נישט קיין שפּאַס, נא, ליין!

זי דערלאַנגט אים דעם בריוו

גבריאל

לייענט שנעל אין דער שטיל

ער? ער זאָל מיר טון אזעלכעס?! מיין בעסטער פריינט!...



ראָזא

נאַאיוו

וואָלט דיר דען ליבער געווען, ווען דאָס זאָל דיר טון א פרעמדער?...

גבריאל

ניין! דאָס איז דאָך נישט מעגלעך!

לויפט צו דער טיר פון דער קיך און שרייט אריין

אננא! לויף שנעל אריבער צו הער וועבער און בעט אים אין מיין נאָמען, ער זאָל די מינוט אהער קומען! אָבער שוין! דו הערסט!

א שטימע פון צווייטן צימער

איך לויף שוין, הער!...

גבריאל

צו ראָזאַ'ן אָנגעצויגן

און דו גיי צו זיך אין צימער און וואַרט דאָרט, ביז איך וועל דיך רופן...

ראָזא

גייט אוועק מיט אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ; אין מיטן וועג בלייבט זי שטיין און מיט טרערן אין דער שטימע פרעגט זי

גבריאל?..

גבריאל

וואָס נאָך ווילסטו מיר זאָגן?

ראָזא

זאָל איך דיר דערווייל... מאַכן א ביפשטיק?

גבריאל

ניין! איך וויל שוין נישט עסן...

ראָזא

כמעט וויינענדיק

ביסט דאָך אָבער הונגעריק!...

גבריאל

שרייט

לאָז מיך צורו!

ראָזא

שיסט-אויס מיט א געוויין און אנטלויפט צו זיך אין צימער

גבריאל

שפאנט איבערן צימער אין גרויס אויפרעגונג

ער! ער זאָל מיר אזעלכעס!... ער!

## קלארא

קומט פון איר צימער

קלארא

אָ! ביסט שוין דאָ, שוואָגער?

גבריאל

ניין! איך בין נאָך נישטאָ, שוועגערין!

קלארא

וואָס איז דיר? וואָס ביסטו אזוי אויפגערעגט?

גבריאל

באהערשט זיך

ווער, איך? עס הויבט זיך נישט אָן!... פארקערט... איך בין זייער אויפגעלייגט...

ער דערלאנגט איר די האנט

וואָס מאכסטו, קלארא?

קלארא

איך זע דאָך, אז דו ביסט יאָ אויפגערעגט.

גבריאל

עט, א קלייניקייט... ראָזא האָט מיך דאָ עפּעס געזאָגט אזעלכעס...

קלארא

שוין געזאָגט! זעט ווי זי האָט זיך דאָס צוגעאיילט... נו, און וואָס זאָגסטו דערצו?!

גבריאל

איך זאָג... איך מיין, אז... ווייס איך...

קלארא

זאָג ארויס, שעם זיך נישט...

גבריאל

איך קלער, אז מיין ווייב... אז דאָס איז עפּעס א משוגעת!

קלארא

נו, אזוי שלעכט איז נאָך נישט...



גבריאל

הייסט עס — דו מיינסט, אז ס'קאָן נאָך זיין ערגער?...

קלארא

נישט מער, וואָס דאָס געשעט אביסל צו שנעל... דערפאר — מיין איך — וואָלט געווען פיל בעסער, אז דערווייל זאָל נאָך קיינער דערפון נישט וויסן...

גבריאל

קוים זיך באהערשענדיק

אזוי?! הייסט עס, אז די זאך איז ביי אייך ביידע שוין אָן אָפּגעשמועסטע?! ס'הייסט, דו האָסט זיך שוין מיט ראָזא'ן איינגאנצן צוזאמענגערעדט?!

קלארא

נאָך נישט איינגאנצן...

גבריאל

נאָך נישט איינגאנצן?... געלויבט איז גאָט!... אלזאָ, לויט דיין מיינונג קומט אויס...

קלארא

מיין מיינונג איז, מיר זאָלן נאָך צוווארטן כאָטש א האלב יאָר...

גבריאל

א האלב יאָר!... פיין, פיין...

קלארא

עס פאסט דאָך גלאט נישט פאר מענטשן: נאָר וואָס געפּטרט איין מאן און שוין חתונה האָבן פאר א צווייטן...

גבריאל

געפּטרט?! חתונה האָבן!... איך וועל אייך געבן א חתונה האָבן מיט א צווייטן!

קלארא

וואָס שרייסטו אזוי שוואָגער?!

גבריאל

ווייל ס'געפעלט מיר אזוי, שוועגערין!... איך וויל שרייען און איך וועל שרייען! דערווייל בין איך נאָך ביי זיך אין שטוב!

קלארא

אויב דו ביזט געקומען פון וועג אן אויפגערעגטער, האָסטו נאָך פונדעסטוועגן נישט קיין רעכט צו ריידן מיט מיר אין אזא טאָן!

גבריאל

רעכט?! זי רעדט נאָך וועגן רעכט!... איך וועל אייך דאָ אלע לערנען רעכט, אז איר וועט מיך געדענקען אייער גאנץ לעבן, אויב נישט נאָך לענגער!... וואוילע צוויי שוועסטערן!... און דאָס האָב איך אזוי לאנג געהאלטן אין מיין שטוב!...

קלארא

דאָס דארפסטו מיר נישט אויסריידן. נאָך היינט קלויב איך זיך ארויס פון דיין הויז!

גבריאל

אָט! אָט דאָס מיין איך! און טאקע שוין! די מינוט!

קלארא

מיט טרערן

דו דערלויבסט זיך דאָס אלץ מיט מיר דערפאר, ווייל דו מיינסט, איך בין א שוצלאָזע אלמנה... אָבערווארט אויס, איך וועל עס דערציילן וועבערן!

אָפּ שנעל צו זיך אין צימער

גבריאל

שרייט איר נאָך אן אויפגעקאָכטער

דו וועסט מיך פארמסרן פאר וועבערן? זאָל ער נאָר קומען דער וועבער!...

וועבער

איז אריין אויף די לעצטע ווערטער

וועבער

אָט, בין איך! גבריאל! פריינט מיינער, טייערער!

ער גייט צו אים מיט אָפענע אָרעמס

גבריאל

גייט אים אנטקעגן מיט די הענט אין די טאשן, מעסטענדיק אים מיט א שטאָל-קאלטן בליק



איך ווייס שוין אַלץ! ראָזא האָט מיר שוין אלץ געזאָגט!

וועבער

שוין געזאָגט! אי, וואויל! נו, און דו?

גבריאל

נו — — און — דו?!

וועבער

איך האָב עס טאקע געוואָלט מיט דיר איבעררעדן...

גבריאל

און איך מיט דיר!

וועבער

זעצט זיך אוועק ברייטלעך, באקומט א פאפיראָס פון גבריאלס טאש

גיב מיר א פאפיראָס, וועלן מיר זיך אויסשמועסן ווי אלטע פריינט...

גבריאל

ווי פריינט?!...

וועבער

יאָ... איך מיין, אז דו פארשטייסט עס אליין, אז ס'האָט נישט קיין זינען מיר זאָלן זיך באהאלטן מיט אונזער ליבע א גאנץ האלב יאָר... גיב מיר א שוועבעלע...

גבריאל

דער אויך!...

וועבער

נו, זאָג אליין. איך האָב זי ליב, זי מיך אויך...

גבריאל

זי — דיך?!

וועבער

זאָלן מיר ביידע אזוי לעבן! און נאָך ווי ליב!...

גבריאל

צי זענט איר נישט אמאָל דאָ אלע צוזאמען משוגע געוואָרן?!

**וועבער**

זעסטו, גבריאל, אויף דיר האָב איך זיך דאָס נישט געריכט... איך האָב געמיינט פאַרקערט, ווען דו וועסט דאָס דערהערן, וועסטו זיין זייער צופרידן::: ערשטנס — ווייל דו ביסט מיין פריינט און צווייטנס — איז זי דאָך פאַר דיר נישט מער ווי א אומזיסטער קלאַפּאַט...

**גבריאל**

*אויסער זיך*

דאָס איז דאָך א אומדערהערטע חוצפה! גענוג! שטיי אויף פון שטול!

**וועבער**

נאָך וואָס?!

**גבריאל**

נעם דיין הוט!

**וועבער**

*וואונדערט זיך. וואָס אמאָל מער*

צו וואָס?

**גבריאל**

צו פאַרלאָזן מיין הויז!

**וועבער**

פאַרוואָס?!

**גבריאל**

ער פרעגט נאָך פאַרוואָס?! ווייל מירביידע ליבן איין פרוי!...

**וועבער**

*שפרינגט אויף*

וואָס?! דו ליבסט זי אויך?! פע! שעמען מעגסטו זיך!

**גבריאל**

צי איך ליב זי? האָסטו דען נישט געוואוסט, אז מיר זענען ביז איצט געווען די גליקלעכסטע פאָר אויף דער וועלט?! איך האָב ביז היינט געגלויבט, אז זי ליבט מיך אויך...



**וועבער**

זי דיך?!! ניין! דאָס איז א ליגן! שעם זיך! פע! פע!...

**גבריאל**

צי ביסטו בלינד געווען? האָסט דען נישט געזען, אז מיר האָבן געלעבט ווי די טויבן?...

**וועבער**

וואָס פאַר א טויבן? איך האָב נישט אָנגעהויבן צו זען, אז זי זאָל דיך ליב האָבן... דאָס איז אן אומפאַרשעמטער אויסגעטראַכטער ליגן! ווילסט באַשמוצן אין מיינע אויגן מיין צוקונפטיק ווייב! דאָס וועל איך דיר נישט שווייגן! פאַר אזא זאַך באַצאָלט מען ביי לייטן מיטן לעבן!...

**גבריאל**

איך האָב אלע מאָל געלאַכט פון דועלס, אָבער איצט זע איך, אז ס'זענען פאַראַן פראַגן, וועלכע לאָזן זיך נישט אַנדערש לייזן נאָר — דורך בלוט!...

**וועבער**

אז בלוט זאָל זיין בלוט...

**גבריאל**

בלוט!

**וועבער**

און שוין זאָל עס געשען!

**גבריאל**

זאָל זיין שוין!

*ביידע גייען צו דער אַרויסגאַנגס טיר*

**וועבער**

*שטעלט פּלוצלינג אָפּ גבריאלן*

וואַרט נאָר... איך האָב דיר פריער געוואָלט זאָגן...

**גבריאל**

וואָס האָסטו מיר נאָך צו זאָגן?

**וועבער**

איך האָב דיך געוואָלט פרעגן...

גבריאל

וואָס האָסטו מיך נאָך צו פרעגן?!

וועבער

צי האָסטו כאָטש א קלער געטון וועגן דיין ווייב?

גבריאל

ווי הייסט? איך פארשטיי דיך נישט

וועבער

ס'הייסט – אויב איך וועל דיך — חלילה...

גבריאל

וואָס, חלילה?

וועבער

עס קען דאָך געשען דאָס ערגסטע — חלילה...

גבריאל

וואָס קען געשען?

וועבער

אויב — חלילה, איך וועל דיך — חלילה... דער' — הרג — נען חלילה! וואָס וועט דעמאלס טון דיין ווייב? צי וועט זי כאָטש אין פאל פון דיין טויט — חלילה – זיין באַזאָרגט מיט וואָסער ס'איז פארמעגן?

גבריאל

דאָס איז שוין א ביסל צו פיל!... ביי דיר — הייסט עס— קומט אויס, אז איך דארף דיר נאָך געבן נדן?! און אפשר נאָך אויסשטאטונג? און פארוואָס טאקע נישט — קעסט אויך?!

וועבער

ווער רעדט דען דאָ וועגן מיר, איך מיין דאָך נאָר דיין ווייב!

גבריאל

איך ווייס, אז דו מיינסט מיין ווייב!... אָבער פריער וועסטו ביי מיר די ערד קילן, איידער דאָס וועט געשען? נישט דו מיך, איך וועל דיך פון מיין וועג אָפּרוימען! בלוט וועט זיך גיסן!



וועבער

בלוט!

גבריאל

בלוט!

ביידע לויפן צו דער טיר

## ראָזא

א'ז אריין א מאָמענט פריער, לויפט איצט צו דער טיר און פארשטעלט זיי דעם וועג רופנדיק פארצווייפלט

ראָזא

ניין! איך וועל נישט דערלאָזן, אז צוליב מיר זאָל זיך בלוט גיסן! איך וועל דאָס נישט דערלאָזן!... גבריאל! נאָר איך אליין בין אין דעם אלעם שולדיק, אָבער איצט האָב איך שטארק דערויף חרטה! דעם וועבער'ן האָב איך קיינמאָל נישט געליבט! און איצט — האס איך אים!

וועבער

וואָס וויל זי ווידער פון מיר!

ראָזא

פאלט אָן אויף אים

וואָס האָט איר געוואָלט פון מיר האָבן?! פארוואָס האָט איר מיך אראָפּגעפירט פון גלייכן וועג? איר דאָן-זשואן, וואָס איר זענט!

וועבער

איך?!...

ראָזא

קארג זענען פאר אייך געוועזן אנדערע פרויען, וועלכע איר האָט שוין אודאי פארפירט אין די הונדערטער, דוקא האָט זיך אייך פארגלוסט אייער פריינטס ווייב?! שעמען מעגט איר זיך!

וועבער

א'ז פון איר ביסלעכווייז אָפּגעטרעטן, ביז ער געפינט זיך נעבן גבריאלן, רוימט ער אים אין אויער

גבריאל! רוף א דאָקטאָר! דיין ווייב איז נעבעך...

גבריאל

שטיל

יאָ... מיר דאכט זיך אויך אזוי...

ראָזא

האָט דערווייל געפונען די בלומען און דאָס שאכטל שאָקאָלאד, וועלכע זי ווארפט אויף דער ערד צו וועבערס פיס

נאט אייך! נעמט אייך אייערע בלומען, מיט וועלכע איר האָט געמיינט מיך צו פארפירן! נעמט אייך אייער שאָקאָלאד, מיט וועלכן איר האָט געוואָלט פאר׳סמען מיין גליקלעך פאמיליען-לעבן און — מארש! ארויס פון מיין שטוב!

וועבער

אויף מיין וואָרט, גבריאל, זי איז משוגע!

ראָזא

וואָס?! איצט ווילט איר מיך גאָר מאכן פאר א משוגענע?! איך וועל אייך ווייזן! אלע אונזערע באקאנטע וועל איך דערציילן וואָסער פויגל איר זענט!... דערסט, גבריאל! איך בין משוגע! דו וועסט דאָס אים שווייגן?... זאָג אים, דעם דאָן-זשואן ער זאָל שוין ארויס פון אונזער שטוב!

וועבער

איר דארפט מיך נישט טרייבן, איך גיי אליין...

גייט צו קלאראס טיר

ראָזא

נישט דאָרט! דאָ איז די טיר... וואוהין גייט איר?

וועבער

איך גיי נעמען מיט זיך מיין כלה!

אָפּ

ראָזא

בלייבט מיט אן אָפן מויל

זיין—כלה?...

גבריאל

איצט פארשטיי איך שוין גאָרנישט!...



ראָזא

דו ווייסט, גבריאל, וואָס מיר פאלט איין?

גבריאל

ניין, איך ווייס נישט...

ראָזא

דיין אָרעמער פריינט איז נעבעך פלוצלינג...

ווייזט מיטן פינגער אויפן שטערן...

גבריאל

ווער? ער? יאָ... איינער פון אייך ביידע איז געוויס משוגע!

ראָזא

איך ווייס, דו רעדסט מיר אויס מיין — לייכטזיניקייט...

מיט טרערן

כ׳ווייס — דו וועסט עס מיר שוין אויסרעדן יעדן טאָג, מיין גאנץ לעבן... איך קען דיך. דו קענסט דאָך מיר נישט מוחל זיין די מינדעסטע קלייניקייט...

גבריאל

א קלייניקייט?! דאָס איז ביי איר א קלייניקייט!... איך הויב שוין אָן גלויבן אויף אן אמת, אז ביי דיר איז נישט אלץ דאָ אין אָרדנונג...

ער הייזט אויפן שטערן

## וועבער און קלארא

קומען פון איר צימער

וועבער

...שוין פארלאָזסטו דאָס דאָזיקע הויז. אויב דו האָסט מיך ליב, בלייבסטו דאָ נישט מער קיין איין מינוט!

קלארא

ביסט געמעכט, אדאָלף! איך בלייב דאָ נישט מער!

ראָזא

פארוואָס?! וואָס איז געשען?!

קלארא

דו פרעגסט נאָך פארוואָס?! ווייסטו דען נישט, אז דיין מאן האָט ברוטאל באליידיקט מיך און מיין חתן?!

ראָזא

דיין חתן?!

גבריאל

וואָסער חתן ווידער?!

קלארא

איצט מאכט איר זיך ביידע גאָרנישט חיסנדיק... אדאָלף האָט דאָך אייךביידן געזאָגט!..

ראָזא

ער!? מיר האָט ער נישט אָנגעהויבן צו זאָגן! פארקערט...

גבריאל

מיר האָט ער אויך געזאָגט גאָר עפּעס אנדערש...

וועבער

אָ, פארדאָן! איך האָב אייך ביידע דייטלעך אלץ דערציילט...

גבריאל

יאָ... ער איז עס דער משוגענער...

קלארא

ווי קענסטו, שוואָגער, מיר לייקענען אין די אויגן?! דו האָסט דאָך מיר אליין געזאָגט, אז ראָזא האָט דיר שוין אלץ דערציילט...

גבריאל

איצט זי ווידער! געוואלד! ווער איז דאָ משוגע?!

ראָזא

אָבער זאָג אונז שוין אמאָל, ווער איז דיין חתן?

וועבער

איך בין עס דער גליקלעכער!

קלארא

איצט ווייסט איר שוין?..

גבריאל

וואָסזשע האָסטו געוואָלט פון מיין ווייב?

ראָזא צוזאמען מיט גבריאלן

וואָס זשע האָט איר געוואָלט פון מיר?!



וועבער

איך האָב דאָך אייך דייטלעך געבעטן, איר זאָלט איבער-ריידן מיט קלאראן, זי זאָל נישט זיין איינגעשפּארט און זאָל באשטיין, אונזער חתונה זאָל זיין באלד, נישט ערשט אין א האלב יאָר ארום... און איר האָט עס מיר צוגע-זאָגט צו טון!

ראָזא

וואָס רעדט ער?!..

גבריאל

ליבסטו נישט מיין ווייב?

וועבער

שיסט אויס מיט א געלעכטער

דיין ווייב?! כאַ, כאַ!.. דאָס איז מיר אין חלום נישט איינגעפאלן...

גבריאל

וואָס זשע באדייט דער בריוו? (ווייזט דעם בריוו).

ראָזא

פארוואָס זשע האָט איר צו מיר געשריבן אַזאַ בריוו?!

קלאַרא

נישט צו דיר, נאָר צו מיר... אָט, איז דער קאָנווערט, איך האָב אים נאָר וואָס געפונען אין קאָרב...

ליינט דעם אדרעס אויפן קאָנווערט, ארום וועלכן אלע גרופּירן זיך

„צו מאדאם ראָזא שטיין". און דאָ איז צוגעשריבן! „פאַר מאדאם קלארא ווייס".

וועבער

צו ראָזא

אָט, אָ דאָס צוגעשריבענע האָט איר נישט באַמערקט...

גבריאל

און דו האָסט געמיינט, אַז דער בריוו איז פאר דיר?!

שיסט אויס מיט א גוטמוטיקן געלעכטער

כאַ, כאַ, כא! א געראָטן ווייבל האָט מיר גאָט באַשערט!... כא, כא, כא!..

ראָזאַ

באַוואַרפט זיך אויף אים, קאַפּריז טופּענדיק מיטן פוס

שווייג! לאָז נישט! דו ביסט אַ שלעכטער! איך האָב דיך נישט ליב!

אַנטלויפט צו זיך אין צימער; גבריאל לויפט איר נאָך לאַכנדיק

וועבער

און איצט, זאָג מיין ליבע: ווען איז אונזער חתונה?

קלאַרא

ווען דו ווילסט, מיין ליבער...

וועבער

מיין טייערע קלאַרא!

כאַפּט קושן אירע הענט

פאָרהאַנג פאַלט.

# שוועסטער און ברודער

## טראַגיקאָמעדיע אין איין אַקט

## פּערזאָנען:

טאָלע

יאַקוב
עקסטערן

עלזאַ
טאָלעס שוועסטער

אַדאַ

אָרט פון האַנדלונג:
א גרויסע שטאָט

געשפּילט אויף פּויליש צום ערשטן מאָל אין ווארשע 1904
געדרוקט צום ערשטן מאָל אין יידיש אין אברהם רייזענס „דאָס
נייע לאנד" №№ 15, 16 1901.
געדרוקט אויף רוסיש (אין מחברס אייגענער איבערזעצונג) אין
דער מאָנאַטס-ביילאגע צום זשורנאל „טעאטר אי איסקוסטוואָ".
פּעטערבורג 1913

א קאוואלערן-חאוינוגג. דאָס מעבל און די גאנצע אויסשטעלונג באַווייזן באַלד אויפן ערשטן קוק, אז דאָ וואוינען צוויי קאוואַלערן, וועלכע האלטן נישט שטארק פון שטוב-אָרדנונג, באַלעבאַטישקייט און ענלעכע קלייניקייטן.
ס'איז שפעט פארנאכט. כמעט איינגאנצן פינסטער. פון פענסטער זעט מען פונדעסטוועגן א דאך באדעקט מיט שניי,
אויף א אייזערן בעטל שלאָפט יאקוב, האלב אנגעטאָן, מיטן פנים צו דער וואנט.

טאָלע

קומט, עפענדיק די טיר מיט זיין באזונדערן שליסל, וועלכן ער נעמט צוריק ארויס פון שליסל-לאָך און באהאלט צוריק אין טאש. ער צינדט אָן א שוועבעלע, געפינט דעם לאָמפ און צינדט אים אָן. פון די פאקעטלעך, וועלכע ער האָט מיט זיך געבראכט, נעמט ער ארויס איניקע זעמל, גערויכערט פלייש און א קליין פלעשל שנאפס. קוקט זיך ארום, זוכנדיק א זיכער אָרט וואו דאָס אלץ צו באהאלטן פארן שלאָפנדיקן חבר און געפינט צום סוף, אז דער בעסטער פלאץ איז אונטערן בעט, אויף וועלכן יענער שלאָפט טאקע. דאָס איבריקע באהאלט ער אין טשעמאדאן, דערנאָך רופט ער:

יאקוב! הער יאקוב!

יאָקוב

דרייט זיך אפילו נישט אום, ברומט

וואָס ווילסטו? וואָס האָסטו זיך צושריגן!...

טאלע

שטיי נור אויף, איך האָב פאר דיר עפעס געבראכט...

נעמט פון אים ארונטערציען די קאָלדרע

שלאָף נישט! ס'איז וואויל אויף דער וועלט!

יאקוב

רייסט פון אים בייז צוריק ארויס די קאָלדרע

פארדריי דיר דיין קאָפּ!... כ'בין דיר מוחל דאָס וואויל-

קייט... אזא יאָר אויף דיר חי וואויל ס'איז...

*ער ברומט נאָך עפּעס איינשלאָפנדיק*

טאלע

אזוי, דו גלויבסט נישט? וועסטו ביי מיר שוין באַלד גלויבן...

*נעמט אפּער פון אונטערן בעט די פלאַש, גיסט אָן א גלעזל, די פלאַש באהאַלט ער צוריק און פון גלעזל נעמט ער אריינגיסן יאקובן אין מויל אריין*

יאקוב

אוהם!... אוהם!...

*כאַפּט אָן מיט ביידע הענט טאַלעס האנט, הויבט זיך אויף און טרינקט גייציק, ביז ער פאַרהיסט זיך*

טאָלע

*לאכט*

כא, כא! אבער איך ווייס שוין, מיט וואָס מען קען דיך מחיה מתים זיין!... איך קען שוין מיינע פּאפּענהיימער...
כא, כא, כא!...

יאקוב

*דערקוויקט*

א תענוג... דו ווייסט שוין איינמאָל, וואָס ס'איז דאָס בעסטע אין א קאַלטן ווינטער-טאָג, ווען ס'איז אויף א צאָלאָג אין שטוב א פראָסט ווי אויף דער גאס, להבדיל...

טאלע

נישט א ווינטער-טאָג, נור א ווינטער-נאכט, שוין פינף אזייגער.

יאקוב

וואָס גייט מיך אָן טאָג אָדער נאכט, ווען איך האָב קיין געלט נישט... צוויי טאָג פאַר'ן ערשטן איז מיר שוין אלץ איינס: טאָג צי נאכט... אאַה... האָסט נישט עפּעס צו פאַרבייסן?

טאלע

*נעמט ארויס א זעמל פון קעשענע און ווארפט אים*

נא!...

יאקוב

ווי גאָט איז א פאָטער! שוין באלד בעסער, ווי ס'האָט זיך מיר איצט אין שלאָף גע'חלומ'ט...

*בייסט איין*

ביסט גאָר נישט אזא שלעכטער ווי איך האָב געמיינט...
גיב אהער דיין שיינעם פּיסק, וועל איך דיך דערפאַר צוקושן!

טאלע

נא דיר שוין בעסער נאָך אַ זעמל...

*ווארפט אים א צווייטע זעמל*

איך האָב זייער נישט ליב זיך צוקושן מיט מאנסבילן...

יאקוב

טאלע! זאָלסט אזוי קרעפּלעך עסן! פון וואנען — זאָג מיר — ביסטו פּלוצלינג אזוי באגליקט געוואָרן? בא'גנב'עט עמיצן? דער'הרג'עט? וואָס איז דאָ געשען?

טאלע

דאָס וועל איך דיר שוין שפּעטער דערציילן. דערווייל טו זיך נאָר געשווינד אָן, אָבער איינס, צוויי!

*ווארפט אים דאָס אָנטון אין בעט*

נו, זייַ נישט ווי א געמאָלטער!...

יאקוב

צו וואָס עפּעס פּלוצלינג זיך אָנטון? וואָס איז דאָס ווידער פאַר א נייס?

טאלע

דארפסט זיך באלד אָפּטראָגן פון דאנען!

יאקוב

וואָס?! איצט ארויסטראָגן זיך פון שטוב?!

*ווארפט אים צוריק דעם ראָק*

ס'הויבט זיך אפילו נישט אָן אָנצוהויבן...

טאלע

דו! יאקוב! הויבסט שוין ווידער אָן דיינע קונצן מיט'ן ווארפן! וועסט באלד ווידער אויסשלאָגן א שויב... טו דיך בעסער אָן געלאסן און פאָר ארויס. אָבער באלד אָן סקאנדאלן...

יאקוב

נישט אנדערש נור דו ביסט נישט ביים קלאָרן זינען!

איצט זאָל איך דיר ארויס פון שטוב?!

טאלע

יאקוב לעבן, איך בעט דיך ווי א גוטן חבר, טו מיר נאָך דאָס מאָל צוליב און טראָג זיך אָפּ אויף א שעה-צוויי...

יאקוב

וואָס איז? רעד שארפער, אָבער פארדריי זיך דיין אייגענעם קאפעלוש! איך הויב נישט אָן צו פארשטיין.

טאָלע

נאָך אלץ נישט פארשטאנען? האָסטו שוין, ווי ס'ווייזט אויס, דיין לעצט ביסל שכל נעבעך פארשלאָפן...

יאקוב

כאַפּט זיך

אהא!...

טאָלע

ענדלעך דאָך געכאפט דעם שכל פאר'ן עק...

יאקוב

הייסט עס... ווילסט דאָ ווידער מאכן א... שטילע חתונה?...

טאָלע

האָסט זיך נישט געקענט באלד אָנשטויסן? צו וואָס דען וואָלט איך דיך וועלן פטור ווערן?

יאקוב

פטור ווערן — זאָגסטו? האָסטו נעבעך במחילה א גרויסן טעות!... איך טו זיך טאקע אָן, ווייל ס'איז דאָ טאקע א ביסעלע צו פראָסטיק, אָבער איך בלייב מיט דיר. אז חברים איז חברים!... צום שלעכטן ווי צום גוטן — חברים און באסטא!...

טוט זיך שנעל אָן

טאלע

אויפגערעגט

הערסטו יאקוב! ביסטו אן איינגעשפארטע זאך, האָב איך נאָך אויף מיין לעבן אזעלכעס נישט געזען!



יאקוב

דו רעדסט נאָך! ס'קומט נאָך אפשר דיר ארויס א רעשט? ביי יעדער ראָמאנטישער געלעגנהייט פארגעסטו אין דיין בעסטן חבר, וועלכער טיילט מיט דיר אלע זיינע פרייד און לייד, אפילו זיין ווארעמע וואטאָווע קאָלדרע... איך רעד דאָס דיר חלילה נישט אויס, אָבער ווי קענסטו עס פארלאנגען, אז איך זאָל מיין ווארעמע היים פארלאָזן צוליב עפעס דאָרט א וועמען ס'איז...

טאָלע

דאָ ביי אונז איז דערווייל נישט קיין ווארעמע היים און זי איז ביי מיר נישט „א ווער ס'איז"... זע נור, וועגן איר זאָלסטו מיר רעדן מיט א געהעריקן רעספעקט, ווען נישט קענסטו פון מיר דערפאר גאָר מיאוס אָפּשניידן— דאָס איז נישט אבי ווער...

יאקוב

עסט און טוט זיך אָן צוזאמען

מען ווייסט שוין! אודאי ווידער עפעס „אן אויסנאם"? א „דאמע פון אן אנשטענדיק הויז", ווי די שבת'דיקע, וואָס האָט זיך צום סוף גאָר ארויסגעוויזן פאר א געווינלעכע... טפו!...

שיסט אויס מיט א געלעכטער

ניין! דאָס איז דאָך געווען פיראמידאל! איך דערמאן זיך דיין מינע דאמאָלס, ווען... כא, כא...

צולאכט זיך אזוי שטארק, אז ער צוהיסט זיך אזש

טאָלע

דו, שלים מזלדיקער האָז! זיי נאָר א ביסל פאָרזיכטיקער מיטן עסן. קאָנסט זיך נאָך חלילה דערשטיקן, כאָטש ס'וואָלט אפילו געווען די איינציקע גלייכע זאך, וואָס דו האָסט געטון אויף דיין גאנץ לעבן... נו, הויסט זיך אויס און פאָר. מיין מיידל דארף אקאָרשט מען זעט אָנקומען.

יאקוב

אלזאָ א מיידל?...

**טאָלע**

נו, יאָ, א מיידל... אבער...

**יאקוב**

*שלאָגט איבער*

מען ווייסט שוין!... ווי לאנג קאָנסטו זיך מיט איר?

**טאָלע**

פינף וואָכן!

**יאקוב**

פינף וואָכן! און מיר האָסטו די גאנצע צייט גאָרנישט געזאָגט! האָסט זי פאר מיר באהאלטן! דו עגאָאיסט, וואָס דו ביזט!

**טאָלע**

דו הערסט אויף?

**יאקוב**

פארוואָס האָסטו זי פאר מיר פארשוויגן?

**טאָלע**

ווייל...

*זעצט זיך אוועק נעבן אים אויפן בעט*

דעם אמת געזאָגט, האָב איך נאָך ביז איצט גאָרנישט געהאט צו דערציילן...

**יאקוב**

רייד איין דיין באָבן...

**טאָלע**

אויף מיין ערן-וואָרט...

**יאקוב**

אז אויף דיין ערן-וואָרט, גלויב איך דיר...

**טאָלע**

איך האָב שוין אפילו פיל מאָל געמיינט, אז פון דעם גאנצן עסק וועט גאָרנישט ארויסקומען... אזא חיה האָט זי זיך ארויסגעוויזן... איך זאָג דיר — א פעסטונג גאָר-נישט איינצונעמען!...

**יאקוב**

*צ׳ט אים ביים צונג*

און צום סוף?...



**טאָלע**

*דערלאנגט אים א פאפיראָס*

נעמען קאָן מען יעדע פרוי... עס ווענדט זיך נור אין פרייז...

**יאקוב**

טפו, וואָס פאר א געמיינער ציניקער דו ביזט!

*פארויכערט דעם פאפיראָס ביי טאָלען*

**טאָלע**

פארדאָן! דאָס ביסטו. ווער הייסט דיר עס אזוי ציניש פארשטיין? איך מיין נור, אז יעדע פרוי קאָן מען נעמען מיט מער אָדער ווייניקער פלייס, ענערגיע, ארבעט...

**יאקוב**

ס׳הייסט?

**טאָלע**

ס׳הייסט מיט שמייכלען, נאָכגיין, צושטיין און דאָס גלייכן... דו מיינסט, אז דאָס איז אזא גרויסע זאך? און דו אליין וואָלסט דאָס דען נישט געקענט? נישט מער דו ווילסט נישט וועלן...

**יאקוב**

*שפּאָטיש*

ע, דאָס שמייכעלסט דו מיך נור...

**טאָלע**

אויף מיין ערן-וואָרט, איך מיין גאנץ ערנסט... פאר-שטייסט, די גאנצע קונץ באשטייט נור אין דעם, מען זאָל זיין דרייסט און צוזאמען געדולדיק, אויסהאלטן און...

**יאקוב**

*ענדיקט פלוצלינג*

און א גרויסער אקס!...

**טאָלע**

*שפרינגט-אויף פון בעטל*

ביזטו דער חכם!... פלוצלינג פון דער העלער הויט ווערט ער מיר גאָר א מאָראל-פרעדיקער...

יאקוב

מאָראל? זאָל מיך גאָט שטראָפן. א שאָד מיין געזונט פאר אזא אומנוציקע ארבעט... איך וויל דיר נור זאָגן, אז...

טאָלע

שלאָגט אים איבער

האָסט דאָך געוואָלט גיין!

יאקוב

געוואָלט? כ'האָב גאָרנישט אָנגעהויבן וועלן. פארוואָס זאָל איך עס טון? וואָס, מיין נשמה איז א ראָזשינקע?...

טאָלע

וואָס פאר אן אומגלויביקער לייבל דו ביזט! איך זאָג דיר, אז דאָס מיידל איז באמת אן אויסנאם... פארשטייסט דען נישט אליין — ווען ס'וואָלט געווען מעגלעך דו זאָלסט בלייבן? איז — פארוואָס דען נישט? כ'וואָלט דען מיר עפעס אָפגעקומען. פארקערט, ס'וואָלט אונז נאָך היימלעכער געווען. אָבער מיט דער קאָן עס אויף קיין פאל נישט זיין...

יאקוב

פונקט ווי מיט יענער שבתדיקער?

טאָלע

נו, מיט יענער האָב איך א טעות געהאט. ס'קאָן זיך דאָך טרעפן... מען איז דאָך נישט מער ווי א מענטש... אָבער די... אויף מיין וואָרט... אז איך בין נאָך אליין נישט זיכער...

יאקוב

עי, זאָגסט א ליגן...

טאָלע

ערנסט

ערנסטוואָרט. בא! ווען איך זאָל אליין זיין זיכער... אָבער כ'זאָג דיר צו — ביי א צווייטן מאָל... נו גיי שוין...

יאקוב

איך גיי שוין, איך גיי... כאפט דיך דער טייוול! אמאָל ביזטו דאָך לייטישער געווען.



טאָלע

יאָ! וואו וועסטו זיין? איך זאָל וויסן וואו דיך שפּע־טער צו געפינען.

יאקוב

איך גיי ארויף אויבן צו מיין שוועסטער.

טאָלע

דיין שוועסטער איז איצט נישטאָ אין דער היים.

יאקוב

זי דארף איצט יאָ זיין. די שעה האָט זי דאָך א ליידיקע.

טאָלע

האָסט פארגעסן, אז די גראבערס האָבן געענדערט די שעה פון זייער לעקציע?

יאקוב

יאָ געגרעכט... ווייסטו טאקע, וואָס ביי מיין שוועסטער טוט זיך בעסער פון מיר. דעם אמת געזאָגט, שמעקט מיר נישט, וואָס דו ביסט געוואָרן מיט איר צו פיל שמעלקע...

טאָלע

פארוואָס שמעקט עס דיר נישט?

יאקוב

ווייס איך? א קשיא אויף דיר? ביי דיר איז דאָך נישטאָ קיין שום הייליקעס...

טאָלע

ערנסט

יאקוב! דו באליידיקסט מיך! דיין... דיין שוועסטער!...

יאקוב

אנטשולדיקט זיך לייכט

נו, נו, כ'מיין עס נישט ערנסט... איך ווייס, אז וואָס דו ביסט, ביסטו, אָבער קיין פאָדלעץ ביסטו דאָך נישט... דערפאר טאַקע האָב איך דיך ליב...

טאָלע

צי וועסטו זיך שוין אמאָל אָפטראָגן!

יאקוב

אָבער אויפן אויג האָב איך דיך דאָך... ווייל איך זאָג
גאָט איז טאקע א היטער, אָבער היט דיך אליין...

טאָלע

דו גייסט, צי נישט?!

יאקוב

פארשפילעט פויל דעם טאלטן

איך גיי דאָך. זעסט דאָך, אז איך גיי...

טאָלע

טאָ גיי! און לאָמעך דיך שוין ענדלעך פאר מיינע
אויגן נישט אָנזעען!...

יאקוב

ביי דער טיר

כ'ווינש ערפאָלג! און זע פארגעס כאָטש נישט א זיפץ
צו טאָן פאר מיין נשמה וועגן אין יענעם מאָמענט...

טאָלע

שטופט אים ארויס

איך וועל שוין זיפצן, גיי שוין! גיי!...

יאקוב

אינטער דער טיר

א פריילעכן יום-טוב!

טאָלע

פארשליסט די טיר. וואַרפט פון זיך אראָפּ דעם ראָק, פאַרבעט דאָס בעט און פאַרשטעלט עס מיטן שפאַניש-װענטל. דערנאָך פאַרקערט ער די פּאָדלאָגע מיטן קליידער-בעזעמל און מיט דעם זעלבן שטויב ער אָלץ אָפּ אין צימער, אפילו זיך אליין. די גאַנצע ארבעט טוט ער צופּייפנדיק און צוזינגנדיק. אזוי צינדט ער אויך אָן די בענזין-מאַשינקע צו טיי, און צוויי ליכט אין פּראָוויזאָרישע לייכטער... עס הערט זיך א שטיל, געהיים קלאַפּן אין טיר. ער דערלאַנגט אָן אנגענעמען ציטער, שמייכלט צופרידן כאַפּט א קוק אין שפּיגל און רופט:

אריין!

די קלאַמקע באַוועגט זיך, אָבער די טיר עפנט זיך נישט. מען קלאַפּט ווידער

ביטע!

ער דערמאַנט זיך

אָך, פארשלאָסן!...



לויפט, שליסט אויף די טיר און טרעט אָפּ צוריק, אביסל קאָקעטיש דערוואַרטנדיק די אריינקומענדע.

עלזא

קומט אריין לאַנגזאַם

טאָלע

דערשראָקן, פאַרוואונדערט

דו גאָר?! דו, עלזא?!

עלזא

איז א יונג שיין מיידל מיט שוואַרצע, איינפאַך פאַרקעמטע האָר, װעלכע זענען אביסל צעשויבערט פון וועג. פון אירע אויגן שפּיגלט א צימלעכע איבערלעבונג. אויפן געזיכט איז צו דערקענען פרישע, שװערע איבערלעבענישן. אריינקומענדיק קוקט זי זיך פריער ארום, צי ס'איז קיינער אויסער טאָלען נישטאָ, און װאַרפט זיך באַלד אין ברודערס אָרעמס

טאָלע, טאָלע! אָ, מיין ליבער טייערער ברודער!...

זי ברעכט אויס אין א געוויין

טאָלע

שטאַמלט

עלזא! וואָס איז געשען אין דער היים? זאָג, עלזא,
עפּעס אַן אומגליק? דער טאַטע? די מאַמע? רעד, עלזא!

עלזא

די מאַמע איז געזונט און דער טאַטע אויך...

טאָלע

וואָס איז דאָך געשען?

עלזא

שרעק זיך נישט, גאָרנישט... אַלע זענען געזונט, באַרויִק
זיך... אין דערהיים איז גאָרנישט געשען...

טאָלע

אביסל באַרויִקט

טא פאַרוואָס דען וויינסטו אזוי?... איך האָב זיך אזוי
דערשראָקן... זעץ דיך, פאַרוואָס זיצטו דען נישט?...

דערלאַנגט איר א שטול, זי זעצט זיך

זאָגסטו, אז אין דערהיים איז אַלץ אין אָרדנונג?

עלזא

יאָ...

**טאָלע**

פארוואָס נעמסטו נישט אראָפּ... גיב דעם זשאקעט...

*העלפט איר זיך אויסטאָן*

און דעם הוט—גיב!

*זיינע הענט ציטערן*

**עלזא**

אָ, ווי דיינע הענט ציטערן...

**טאָלע**

*לייגט אוועק דעם הוט און זשאקעט אויף א שטול ביי דער טיר*

איך האָב זיך אזוי דערשראָקן, אז איך קאָן גאָר צו זיך נישט קומען. וועסט דאָך טרינקען טיי?

*ער לויפט צו דער מאשינקע, פּומפּט אָן לופט, דאָס פייער נעמט הויך זשומען, דערנאָך פארשליסט ער די טיר...*

אזא אומדערוואַרטעטער גאסט... וואָלסט כאָטש פריער צו־וויסן געטאָן... א בריוו... א קארטל כאָטש מיט צוויי ווערטער...

*ער ווישט אויס מיט א האנדטוך 2 גלעזער, איינטע־טעצלאך און לעפעלעך, שטעלט זיי אוועק ביי דער מאשינקע, און ווען ער איז שוין דערמיט פארטיק, גייט ער צו דער שוועסטער צו גאנץ נאָענט*

אָבער פונדעסטוועגן... עפּעס האָט דאָרט דאָך געמוזט געשען... פארוואָס דען האָסטו אזוי געוויינט? לאָ'מיך דיך כאָטש גוט אָנקוקן, ווי זעסטו אויס? שוין באלד אכט חדשים, ווי איך האָב דיך נישט געזען... אָ, ווי דו האָסט זיך פארענדערט, עלזא! דיר האָט געמוזט עפּעס טרעפן... וואָס? פארוואָס דערציילסטו מיר נישט וואָס האָט מיט דיר געטראָפן?

*זי שווייגט, אראָפּלאָזנדיק די אויגן צו דער ערד*

עלזא! פארוואָס רעדסטו נישט?

*פארטראכט זיך, דערנאָך פרעגט ער באלד:*

דער טאטע און די מאמע ווייסן? זיי ווייסן, אז דו ביסט געפאָרן צו מיר? זאָג, זיי ווייסן?

*עלזא פארטשעפעט איר פּנים און שלוכצט שטיל*

וואָס? זיי ווייסן גאָרנישט? פאר וואָס? פארוואָס וויינסטו גאָר און ווילסט גאָרנישט רעדן?!



**עלזא**

*אין טרערן*

מיין ליבער, מיין איינציקער טאלע!...

**טאָלע**

*נעמט אירע ביידע הענט אין זיינע אריין און רעדט צו איר ווייך טרייסטענדיק, ווי צו א קראנק, איבערגעשראָקן קינד*

נו, וויין שוין נישט, קינד. גענוג געוויינט... בארואיק דיך, וויש אויס די אויגן... איך וועל שוין נישט מער פרעגן... וועסט זיך אָפּרוען, וועסט קומען צו זיך, וועסטו מיר אליין דערציילן, ווי א ברודער. אָדער—אָדער גאָר—ווי איך וואָלט דיר נאָך נענטער געווען ווי א ברודער... איך פארשטיי, קינד: עס זענען פאראן זאכן, וועלכע מען פארטרויט אפילו נישט קיין טאטן, קיין מאמען און אפילו נישט, נו—אפילו נישט קיין ברודער... איך ווייס דאָס גוט... אבער איך... איך קען זאָגן, אז איך בין דיר מער נאָך ווי א ברודער! איך בין דאָך דער איינ־ציקער חבר פון דיין קינדהייט... געדענקסט נאָך, עלזא, דעמאָלט,—ס'וועט זיין א יאָר אכט, אפשר נאָך מער,—אין קליינעם גערטל, וואו מיר האָבן זיך געשפּילט האָסטו מיר צוגעשוואָרן, אז קיינער פון אונז ביידן זאָל נישט האָבן קיין סוד פאר'ן צווייטן, קיינמאָל נישט! אויפ'ן גאנצן לעבן נישט!... געדענקסטו עס?...

**עלזא**

*שמייכלט דורך טרערן*

זעסט! איך האָב געמיינט, אז דו האָסט עס שוין לאנג פארגעסן, און דו געדענקסט עס נאָך...

**טאלע**

איך האָב עס געזאָלט פארגעסן? פלעג איך דען דיר דעמאָלט נישט אלץ דערציילן, וואָס איך פלעג אָפּטון? דו האָסט געוואוסט אלע מיינע קינדישע פארברעכן? האָב איך זיך דען נישט געטיילט מיט דיר מיט יעדער גנבה פון קיך, אָדער פון בופעט־שאפע, אָדער פון סאָד אפילו? נישט איינמאָל האָט דיר דאָס בייכעלע פון

מיינע גנבות ווי געטון, און דו האָסט עס געמוזט באַ-
האַלטן פאַר דער מאַמע ... נאָר איך איינער האָב געוואוסט
דיין גרויסן סוד פון דיין ווייטאָג!... כאַ, כאַ, כאַ!...

**עלזא**

*לאַכט שוין אויך מיט*

ווי דו געדענקסט עס אַלץ!... מיר האָבן זיך באמת
זייער ליב געהאַט! מיר האָבן זיך דאָך קיינמאָל נישט
געקריגט און נישט געשלאָגן, ווי ס'טרעפט זיך ביי
אַנדערע שוועסטער און ברידער...

**טאַלע**

*האַלט אונטער איר פריילעכקייט*

כאָטש איך בין געווען אַ שרעקלעכער שלעגער,
אַ גזלן...

**עלזא**

איך געדענק, האָסט אַמאָל דעם אַפּטייקערס יונגל צע-
בלוטיקט די נאָז...

**טאַלע**

דערפאַר, ווייל ער האָט דיך ביים וואַסער געכאַפּט קושן...
אָ! איך האָב שוין דעמאָלט געוואוסט, ווי צו פאַרטיידיקן
דיין ערע... כאַ, כאַ, כאַ!...

**עלזא**

*ווערט פּלוצלינג ערנסט:*

יאָ, דעמאָלט האָסטו שוין געוואוסט...

**טאַלע**

*נעמט זי אַרום*

ווייל ווייסן זאָלסטו, אַז דער מאַן ווערט באַלד געבאָרן
צו זיין דער פאַרטיידיקער פון דער שוואַכער פרוי...
זאָלסט עס ווייסן!

**עלזא**

*טרויריק*

איך ווייס...

*פּלוצלינג*

זאָג מיר, טאַלע, האָסטו מיך נאָך היינט אַזוי ליב ווי
דעמאָלט?



**טאַלע**

ווי קאָנסטו דאָס אַפילו פרעגן? דו מיינסט, ווייל איך זע
דיך איצט נישט גאַנצע יאָרן? וואָס האָט עס דען דערצו?
יאָ קינד! איך האָב ־יך נאָך אַלץ אַזוי ליב ווי דעמאָלט!
און אפשר נאָך ליבער?

**עלזא**

*גלעט אים*

איך דיך אויך, טאַלעטשקע!... איך דיך אויך...

**טאָלע**

ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיינע סודות וואָלט איך דיר שוין
היינט נישט געקענט פאַרטרויען.

**עלזא**

פאַרוואָס?

**טאָלע**

ווייל... ווייל צייטן בייטן זיך, און דער מענש מיט זיי,
די קינדער-יאָרן זענען נישט מער ווי ריינע אומשול-
דיקע חלומות, פון וועלכע דאָס לעבן לאַכט זיך שפּע-
טער אויס... אָ, ווען מיר וואָלטן דאָס
גאַנצע לעבן געקענט בלייבן אַזוי ריין, ווי מיר
זענען דעמאָלט געווען... כאָטש דו עלזא, דו ביזט
נאָך זיכער ביז היינט געבליבן די זעלבע ווייסע טויב,
אָבער איך—הע-הע! איך מוז דיר זאָגן דעם אמת...

*פאַנאַבעריש*

נישט איין פלעק איז שוין דאָ אויף מיין געוויסן...
הע-הע...

**עלזא**

*קוקט אויף אים אומגלויבנד*

דו, טאָלע? דו אויך?!

**טאָלע**

יאָ, יאָ! גאָרנישט צו דערקענען אויף מיר, וואָס?...
כ'זע אויס ווי אַ שעפּסעלע, האַ? אָבער איך מוז דיר
פאַרטרויען אַ סוד — גאָר אַ נייעם סוד, שוין נישט פון
אַ קינד, נור פון אַ מאַן: דאָס איז מיין פעל נור פון

א שעפּסעלע... אויף אן אמת בין איך א וואָלף! כא-
כא-כא!...

עלזא

טאָליע!

טאָלע

שרעק זיך נישט, מיין ווייס טייבעלע, נישט פאר דיר,
פאַרשטייט זיך... דו ביסט דאָך מיין שוועסטער... פאר
אנדערע בין איך נור געפּערלעך... הע-הע...

עלזא

דו! דו אויך...

טאלע

אלע מענער, זאָלסטו וויסן, זענען עס... דו דארפסט עס
וויסן, עס וועט דיר — נישט קשה — צונוץ קומען אין
לעבן, מיין שיין, ווייס טייבעלע...

עלזא

שטיל

צו שפעט... שוין צו שפעט!...

טאָלע

שפרינגט=אויף

וואָס זאָגסטו?!

עלזא

באהאלט דאָס געזיכט אין די הענט

פרעג מיך נישט, טאָלע!... בעסער פרעג גאָרנישט...

טאָלע

אָבער זאָג מיר דאָך... דו מוזט דאָך מיר ענדלעך זאָגן!
איך מוז עס דאָך וויסן!

עלזא

גאָט מיינער! איצט האָב איך מיט אמאָל אלץ פאר-
שטאנען! איצט איז מיר שוין אלץ קלאָר געוואָרן... איך
ווייס שוין אלץ! איך ווייס...

טאָלע

וואָס ווייסטו? זאָג שוין... זאָג!



עלזא

ער איז נישט דער ערגסטער, נישט דער נידריקסטער!
נור איינער פון אלע שלעכטע...

טאָלע

ווער? וועגן וועמען רעדסטו?

עלזא

איך רעד פון דעם, וואָס האָט מיך אזוי נידערטרעכטיק
באליידיקט!

טאָלע

אויסער זיך

דיך! דיך, עלזא! דיך, אומשולדיקע, ווייסע טויב!

עלזא

מיך, טאָלע!... דיין שוועסטער!...

טאָלע

מיין שוועסטער!... ווער? ווער האָט דאָס געוואגט! דיך,
עלזא, פארפירט!... גאָט אין הימל! די מאמע, דער טאטע!
ווען זיי וועלן וויסן, וועט עס דאָך זייער לעבן קאָסטן!...

עלזא

שטיל

זיי ווייסן שוין...

טאָלע

זיי ווייסן! ווי האָבן זיי דאָס... ווי האָבן זיי אזא קלאָפּ
אריבערגעטראָגן?

עלזא

זיי האָבן מיך פון שטוב ארויסגעטריבן...

טאָלע

וואָס האָסטו געטון, עלזא! וואָס האָסטו געטון!..

עלזא

איך בין נישט שולדיק, טאָלע! וואָס בין איך דען
שולדיק? דו קאָנסט דאָך מיך, איך האָב פון קיין שלעכטס
נישט געוואוסט... און ער... איז געווען פאר מיר אזוי גוט...
טריט אויף טריט פלעגט ער מיר נאָכגיין, כמעט א גאנץ

יאָר, שאָג-טעגלעך. עס איז נישט פארגאנגען איין טאָג, ער זאָל מיך נישט זען, ער זאָל מיט מיר נישט ריידן... און וואָס פאר א שיינע, וואָס פאר א ליבע, זיסע רייד... דעם טייוול די נשמה וואָלט מען געמעגט אָנטרויען פאר אזעלכע רייד...

**טאָלע**

א גאנץ יאָר, זאָגסטו, קענט איר זיך? הייסט עס, ווען איך בין צום לעצטן מאָל געווען אין דערהיים...

**עלזא**

פלעגט ער שוין צו אונז ארייננגיין.

**טאָלע**

שוין דעמאָלט? ווערזשע איז ער? הא!

**עלזא**

דו קענסט אים גוט...

**טאָלע**

גראָס?!

**עלזא**

אַס

יאָ...

**טאָלע**

ער! צי בין איך בלינד געווען! ווי האָב איך דאָס גאָר־נישט באַמערקט! גראָס! איך וואָלט זיך קיינמאָל אויף אים אזעלכעס נישט גערעכט! אזא אנשטענדיקער, אזא פיינער יונגערמאן...

**עלזא**

דו זאָגסט, אז אלע מענער זענען אזוי...

**טאָלע**

אנטשלאָסן

ניין, עלזא! אזוי קען עס נישט בלייבן! איך וועל דיין אומגליק גראָס'ן נישט פארשווייגן.

**עלזא**

וואָס קענסטו אים טון?



**טאָלע**

איך וועל אים צווינגען, ער זאָל מיט דיר חתונה האָבן!

**עלזא**

צו שפעט. מאָרגן האָט ער חתונה מיט א צווייטער.

**טאָלע**

דראָענדיק

דאָס וועלן מיר נאָך זען! דער נידערטרעכטיקער וועט מיר פאר דיין אומגליק, פאר דיין לעבן מיט זיין אייגן לעבן באצאָלן!

**עלזא**

טאָלע!..

**טאָלע**

האלט מיך נישט אָפּ! באלד, מיט'ן ערשטן צוג פאָר איך צו גראָס'ן! איך וועל דעם געמיינעם...

**עלזא**

כאפט זיין האנט בעטענדיק

איך וויל נישט, זאָלסט צו אים פאָרן! איך וויל פון אים גאָרנישט! זאָל אים זיין אייגן געוויסן שטראָפן!... איך האָב אים שוין אלץ מוחל געווען...

**טאָלע**

אָבער דו מוזט דאָך פארשטיין, אז ווען דו זאָלסט אים אפילו מוחל זיין, קען איך דאָס אים נישט שענקען! פארשטיי, אז דאָ האנדלט זיך וועגן דיין ערע און אויך וועגן מיין ערע!

מען קלאפט אין טיר

**עלזא**

שווייג... דאכט זיך מען קלאפט!...

**טאָלע**

בייז

ווער איז דאָרט?

**אפרויענשטימע**

אונטער דער טיר

**איך...**

טאָלע

וועו?

מען ענטפערט נישט, ער דערמאנט זיך

אך!... אהא...

עלזא

ווער איז?

טאָלע

אין פארלעגנהייט שטיל

פונקט איצט... צו אלדע שווארץ...

די פרויענשטימע

נו עפן שוין, טאלע! מיר איז קאלט...

עלזא

פארוואָס עפענסטו נישט?...

טאָלע

איך בעט דיך, עלזא... אַנטשולדיק, גיי אויף א ווײלע ארונטער אונטערן ווענטל... נור איין מינוט...

עלזא

פאָלגט, קוקנדיק אים פארשעמט אין געזיכט

טאָלע

פארריקט פאַרזיכטיק דאָס ווענטל

האלט זיך, איך בעט דיך—גאנץ רואיק... איך וועל זיך נור ענטשולדיקן...

ער עפענט די טיר

# אדא

קומט אריין. זי איז א יונגע און א שיינע, די באקן, רויטע פון פראָסט, מאַכן זי נאָך פיל שענער; אָנגעטון איז זי פארמעגלעך, ווארם, קענטיק מיט א מוטערלעכע באזאָרגטקייט, „ס'זאָל דעם קינד זיין ווארם און באקוועם". אויף דער האנט אריבערגעוואָרפן העננען אירע שליטשו. זי בלייבט שטיין ביי דער טיר אביסל דערשראָקן, קענטיק דעם ערשטן מאָל אין איר לעבן טרעט זי איבער א יינגג-מאנס שוועל.

אדא

נאאיוו

אי איז דאָ א ליבע ווארם... א גוטן אָוונט!...



טאָלע

שטאמלט

פריילין אדא... איך האָב אייך געוואָלט בעטן איר זאָלט מיר ענטשולדיקן.

אדא

שלאָגט אים איבער גוטמוטיק

איך בין שוין מער נישט בייז אויף אייך, וואָס איר האָט מיך צוגערעדט צו אזא געוואגטן שריט... ניין!... אָט האָט איר דארויף מיין האנט!...

זי לייגט איר האנט אין זיינע, און נעמט זי לאנג נישט צוריק

אמת, אז נעכטן בין איך געווען אויף אייך גאָר שטארק אין כעס פארוואָס איר נוצט אויס אייער שטארקן איינפלוס, וועלכן איר האט איבער מיר — אדאנק דעם, וואָס איך... האָב אייך ליב...

טאָלע

וויל איר איבערשלאָגן

אָבער, פריילין אדא!...

אדא

איר זענט בייז, פארוואָס איך זאָג עס אייך?

קאָקעטיש

איר זענט אזוי בייז, אז איר בעט מיך אפילו נישט זיצן?... הע-הע... וועל איך זיך אליין בעטן זיצן... בין איך שוין יאָ אריינגעקומען אין א קאוואלערסקע וואוינונג, וועל איך מיך שוין דאָ פילן ווי ביי זיך אין דער היים— אזוי האָב איך מיר בייננאכט באַשלאָסן...

זעצט זיך

איך בין אזוי מיד...

טאָלע

מעכאניש

ביטע, זיצט...

אדא

איך זיץ דאָך שוין... שיין גאסטפריינטלעך זענט איר דאָס...

**טאָלע**

פריילין אדא!... איך מוז אייך זאָגן אָפן: איך לעב איצט איבער זייער א ערנסטן מאָמענט...

**אדא**

איך ווייס... איך לעב אויך איבער דאָס זעלבע... ס'איז נישט קיין קלייניקייט אזא שריט!... אָך, ווען מיין טאטע זאָל זיך דערפון דערוויסן וואָלט ער מיך אויף זיכער פון שטוב ארויסגעטריבן!...

**טאָלע**

*וויל איבערשלאָגן*

פריילין אדא!...

**אדא**

און מיין ברודער... אָ, ווען ער דערוויסט זיך, אז איך גיי צו אייך... ער איז אזא... איך ווייס — ער וואָלט אייך אפשר חלילה — דערשאָסן!...

**טאָלע**

ניין... איך מיין...

**אדא**

אָבער איר דארפט זיך נישט שרעקן... איך וועל קיינעם נישט דערציילן... אָ, ווי איר זענט בלאס געוואָרן... הי—הי—הי...

**טאָלע**

נישט דאָס... איך שרעק זיך נישט...

**אדא**

איך ווייס... א גאנצע נאכט האָב איך, ליגנדיק אויף מיין בעטל, מיט זיך געשריטן: גיין צו אים, אָדער נישט גיין?... איך האָב מיר געוואָלט איינרעדן, אז דאָס איז נישט מער ווי א קלייניקייט... פארוואָס איז דאָ פאראן מורא צו האָבן? ער וועט דאָך מיך נישט אויפ-עסן... און דאָך האָט מיין הארץ די גאנצע נאכט אזוי געקלאפט... אזוי געקלאפט... נאָך איצט אויך...

*קוקט אים פאָרשפונד אָן*

איר זעט אויך אויס אזוי צוטראָגן... ביי אייך קלאפט



אודאי אויך דאָס הארץ ווי ביי מיר...

**טאָלע**

נאָר איך בין איצט זייער פארנומען...

**אדא**

איר האָט נויטיקע ארבעט? נו, וועל איך אייך לאָזן נישט שטערן...

**טאָלע**

איר וועט דאָך מיר אַנטשולדיקן? יאָ?

**אדא**

ס'פארשטייט זיך! פארקערט. מיר געפעלט עס זייער, וואָס איר זענט מיט מיר אזוי אָפנהאַרציק... אזוי האָב איך עס מיר טאקע פאָרגעשטעלט... איבערהויפט, צום ערשטן מאָל... איר ווייסט, אז אייגנטלעך בין איך נאָך היינט גאָר נישט געקומען... אן אנדערש מאָל וועל איך צו אייך קומען אויף אן אמת... היינט בין איך נאָר געקומען פון נייגעריקייט... איך בין זייער נייגעריק געווען זען ווי ביי אייך קוקט אויס...

*קוקט זיך ארום*

ביי אייך איז גאנץ שיין!...

*קומט צו דער מאשינקע*

אויף דער מאשינקע קאָכט איר טיי? אליין! פון וואנען קאָנט איר עס?... און צוויי גלעזער! אָ, דאָס צווייטע גלאָז האָט איר פאר מיר צוגעגרייט... געטראכט זיך: „אדא וועט קומען א געפרוווירענע...” אזוי האָט איר געטראכט... ניין?... אך, זענט איר א גוטער!... וועל איך טאקע ביי אייך אויסטרינקען טיי אײדער איך גיי אוועק...

*זעצט זיך*

**טאָלע**

*אנטשלאָסן*

פריילין אדא! איר קאָנט דאָ נישט בלייבן!

**אדא**

*פאַרוואונדערט*

פארוואָס?

**טאָלע**

ווייל איך בין היינט נישט אימשטאַנד מיט אייך צו רעדן... איך בין איצט...

*פלוצלינג שיסט ער אויס נערוועז, כמעט ברוטאל*

איך בעט אייך — לאָזט מיך איצט צורו!

**אדא**

*בלייבט א ווײַלע אָן לשון*

וואָס... וואָס מיינט איר?...

**טאָלע**

גייט איצט אוועק!

**אדא**

פאַרוואָס?

**טאָלע**

פרעגט נישט! איך קאָן אייך מער איצט גאָרנישט זאָגן. אפשר אַמאָל, ביי א גלעגנהייט, וועל איך אייך אפשר דערציילן...

**אַדאַ**

אמאָל? ביי אגעלעגנהייט?.. הייסט עס, אז איר ווילט מיך שוין אפילו מער נישט זען?.. איז דאָס געווען גאָר אלץ, וואָס איר האָט פאר מיר געפילט?! פארוואָס זשע האָט איר מיך אזוי שטארק געבעטן, איך זאָל צו אייך קומען?..

**טאָלע**

איך האָב עס געוואָלט מיט'ן גאנצן הארץ!.. אָבער איצט...

**אַדא**

איצט האָט איר מיך שוין מער נישט ליב?.. פארוואָס? פארוואָס?!

*טרערן רינען איר איבערן פנים*

אפשר דערפאר, ווייל איך בין צו אייך געקומען?.. איך בין נישט שולדיק! איך האָב אַנדערש נישט געקענט! איך ליב דאָך אייך!...

**טאָלע**

איר... איר ליבט מיך?..



**אדא**

*קוקט אים אָן שטוינענדיק*

איר פרעגט?!.

**טאָלע**

*וויל צוריק כאפן*

ניין, איך ווייס... אָבער...

**אַדאַ**

איר מיינט, אַז איך וואָלט צו אייך געקומען, ווען איך וואָלט אייך נישט ליב געהאַט?... פאר א וועלכע האלט איר מיך?!

**טאָלע**

איך מיין נישט חלילה, אז...

**אַדאַ**

שווייגט! גענוג... כ'ווייס שוין וואָס איר מיינט...

*זי האָט זיך ארומגעקוקט און באמערקט ערשט איצט עלזא'ס זשאקעט און הוט, וועלכע ליגן אויף א שטול ביי דעם טיר*

איך זע שוין... דער הוט... דער מאנטל... אהא... איך האָב אייך געשטערט...

**טאָלע**

ניין! איר האָט א טעות... איך וועל אייך זאָגן אלץ...

**אַדא**

באַמיט זיך נישט... איך זע שוין... איצט פארשטיי איך שוין אלץ...

*ווייזט צום ווענטל מיט דער גרעסטער פאראכטונג*

איר האָט געמיינט, אז איך בין „אזוינע" ווי אָט, יענע! ווי געמיין!...

*לויפט ארויס וויינענדיק*

**עלזא**

*וועלכע האָט אונטערן ווענטל אלץ געהערט, שיסט ארויס מיט א געוויין, אין וועלכן ס'הערט זיך א פיינלעכע באליידיקונג*

**טאָלע**

*בלייבט שטיין א לענגערע ווײַלע, ווי מען וואָלט אים אין פנים אריין געשפיגן. דערנאָך באהערשט ער זיך, ווי עס פאסט פאר א מאנסביל און נעמט לאכן מיט א געמאַכטן געלעכטער*

הע־הע... וואָס זאָגסטו צו דעם, עלזא?... דאָס מיידל איז

דאָך זיכער, אז איך באהאלט אונטער'ן וועגדטל אַ... אָ...
הע-הע-הע „.

*יאקוב קומט אַריין א דעו׳פּרוּירעגער, קלאַפּנדיק א פוס אין א פוס*

### יאקוב

*כאַפּט אונטער זיין לאַכן, נאָכשפּעטנדיק*

כע-כע-כע ... וואָס לאַכסטו עפּעס, ווי א וואלד-פאחע...
ס'פעלט דיר נאָך זאָלסט מאכן „קוואָיראַקע! ברעקעקעקעס!"...
כע-כע-כע... וואָס איז אויף דיר אזא גדולה? ביסט באַ-
גליקט געוואָרן מיט נאָך א זיג איבער א שוואך ווייב?...
האָסט נאָך אן אומשולדיקע נשמה'לע אריינגעשלעפּט אין
דיין נעץ פון זינד?...

*לאַכט אים נאָענט אין פּנים אריין*

כי-כי-כי... ברעקעקעקעס!...

*צלזא איז שטיל געוואָרן*

**טאָלע**

וואָס ווילסטו דאָ איצט? האָסט דאָך געזאָלט קומען
ערשט אין א שעה צוויי ארום?

**יאקוב**

*לויפט צום אויוון*

איך בין געפרוירן געוואָרן ווי א חזיר! די שוועסטער
נישט געטראָפן אין דער היים. איך קען גאָרנישט קלערן,
וואו זי איז איצט? דו ווייסט נישט?

**טאָלע**

פון וואנען זאָל איך וויסן?

**יאקוב**

איך האָב געמיינט, אז דו קערסט עס וויסן. דו ביסט
דאָך עפּעס איר פאַרטרוילעכסטער פריינט...

**טאָלע**

הויבסט שוין ווידער אָן! כאָטש איצט לאָז מיך צורו
מיט דיין נארישן חשד!...

**יאקוב**

חשד? חלילה!... כאָטש... ווייסט דיך דער טייוול! אז
דו ביסט אזא מכשף... די „גדולה", וואָס איז איצט



ארויס פון דאנען האָט נאָך געהאלטן אין קאָרידאָר אין
איין וויינען — אודאי פון ליבע-עקסטאז?... הא?... און
דו קוקסט אויס!...

**טאָלע**

*שלאָגט אים איבער*

איך בעט דיך, יאקוב...

**יאקוב**

זאָג מיר, איך בעט דיך, אין וואָס באשטייט דיין כשוף?

**טאָלע**

*בייסט זיך די פינגער, הינקנדיק צום הענדטל*

יאקוב, איך בעט דיך, לאָז אָפּ...

**יאקוב**

*פארשטייסט נישט*

נו, נו... ווער מיר נור נישט פלוצלינג צופיל עניו...

**טאָלע**

*פארצחייפלט*

איך בעט דיך, הער אויף!

**יאקוב**

*קלאַפּט אים אויף דער פּלייצע*

ביזט א צאצקע א יינגעלע! א וואוילער בחור! א פיינער
זכר...

**טאָלע**

*גייט ארויס פון געדולד*

האלט ס'מויל! ביזט נישט אליין!...

**יאקוב**

וואָס?!

*ער קוקט זיך ארום, פון אונטערן וועגטל הערט זיך אויפּסני־
עלזאס שטילן שלוכצן*

פיאָ! האָסטו דיר, הייסט עס, דאָרט נאָך איינע... האָ־
האָ! ביזט דאָך טאקע גאָר א לייטישער מייסטער!...

**טאָלע**

*ברעכט אויס*

שווייג! שווייג, זאָגט מען דיר!

**יאקוב**

וואָס ווארפסטו זיך אזוי, וואָס?...

טאָלע

שטיל, נאָענט

איך בעט דיך, גיי איצט אוועק...

יאקוב

העזהדיק

ווילסט שוין ווידער מיינער פטור ווערן? אהא! איצט ווערט עס דיר שוין נישט געלינגען! די סעודה מוז שוין פאר מיר אויך קלעקן!...

טאָלע

שטילער!... אָקס! דאָרט איז דאָך די שוועסטער!...

יאקוב

ווילד

מיין שוועסטער?!

הייל לויפן אינטערן הענדטל

טאָלע

פארהאלט אים

ניין! נישט דיינע... מיין שוועסטער... מיין אייגענע שוועסטער...

יאקוב

בלייבט שטיין, הערט זיך איין אין עלזא'ס וויינען, באַרואיקט זיך

דיין שוועסטער?... דיין...

דריקט טאָלע'ס האנט

זיי מיר מוחל!.. כ'האָב דיך נישט געוואָלט באליידיקן...

לאָזט עפעס אויף זיך און לויפט אָפ

עלזא

קומט ארויס פון אונטערן הענדטל, גייט צו צום ברודער, לייגט איר האנט אויף זיין אקסל, ווייל עפעס זאָגן, אָבער—ז שווייגט.

טאָלע

קוועטשט מיט אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, פויזע

פאָרהאַנג פאלט לאַנגזאַם



# אינהאלט:

מארק ארנשטיין
(אנדזשעי מארעק)

# דראמאטישע שריפטן

II



פארלאג „קולטור-ליגע", ווארשע

## אינהאלט:






M. Arnsztajn (Andrzej Marek)
Utwory dramat. t. II. Warszawa 1927

Wydawn. „Kultur-Liga" Warszawa.

Druk. „Di Welt" Warszawa. Nowolipie 7

## פ ע ר ז א נ ע ן:

דער אַלטער לענץ
דער יונגער לענץ
דאָס פאַבריק=מיידל

געשעהט אין חדירונג פון יונגען לענץ.

קומט פאר אין א פאבריק־שטאט ביי לענצן אין פוילן. א זייער־
רייך איינגעארדנטער קאבינעט ביים יונגן לענץ. אין דער מיט—
צוויי הויכע פענסטער און א טיר, וואס פירט דורך א קליינער
טעראסע צו א פרעכטיקן פאלאץ. רעכטס — א טיר אין שלאפצימ־
מער און לינקס — צו די וויטערדיקע צימערן, א סך הויך
מעבל, א פיאנא, טעפיכן, בילדער און בלומען... א לענגערע ווייַ־
לע איז קיינער נישטא. פון די אפענע פענסטער הערט זיך דאס
זינגען פון פויגל.

---

דער יונגער לענץ

באווייזט זיך אויף דער טעראסע, שלעפנדיק מיט זיך, כמעט מיט
געוואלד, א יונג מיידל, וואס איז ענלעך צו א פאבריק־ארבע־
טערין און צו א ביליק גאסן־מיידל

נא... קום אריין! דו האסט זיך נישט וואס צו שרעקן
גייסט דאך מיט מיר...

דאס מיידל

הערט זיך שוואך

ע, לאזט בעסער, הער לענץ... ווי קומט איר צו
מיר...

יונגער לענץ

הייצלט זיך

דערפאר טאקע קום איך דאך נישט צו דיר, נאר דו —
צו מיר, הע, הע...

דערלאנגט זי מיטאמאל א שלעפ אריין אין צימער

אט, ביזטו שוין ביי מיר!...

דאס מיידל

קוקט זיך אום דערשראקן

אויף דער אלטער הער לענץ וועט נאָך אריינקומען.

*היל אנטלויפן*

**יונגער לענץ**

*פארלויפט איר דעם וועג*

האָב נישט קיין מורא. דער פאפא איז איצט ביי זיך, ער קומט דאָ אהער קיינמאָל נישט אריין, דאָ בין איך באלעבאָס...

*לאָזט אראָפ די גארדינען. עס ווערט אביסל טונקעלער*

**דאָס מיידל**

ביי אייך איז אזוי רייך, ווי ביי א קעניג... איך האָב דאָך קיינמאָל אין מיין לעבן אזא רייכקייט נישט געזען...

**יונגער לענץ**

*פארגנבעט זיך פון הינטן, כאפט זי ארום און נעמט זי לייד-שאפטלעך קושן*

**דאָס מיידל**

וואָס טוט איר? אי! וואָס... וואָס...

*רייסט זיך ארויס און אנטלויפט*

**יונגער לענץ**

אָ! דו וועסט שוין ביי מיר נישט אנטלויפן!...

*יאָגט זיך מיט איר און כאפט זי*

אָט האָב איך דיך ווידער!...

**דאָס מיידל**

הער לענץ לאָזט מיך אָפ. וועט איר בעסער מאכן!...

**יונגער לענץ**

איך ווייס שוין אליין, ווי בעסער צו מאכן... קום... קום...

*ער שלעפט זי צום דיוואַן*

**דאָס מיידל**

*דרייט זיך פלינק ארויס פון זיינע אָרעמס*

ניין! איך זאָג אייך, אז ס'וועט גאָרנישט זיין!...

**יונגער לענץ**

פארוואָס?

**דאָס מיידל**

איך ווייס שוין פארוואָס...



**יונגער לענץ**

ווייס איך אויך פארוואָס עס וועט שוין יאָ זיין...

**דאָס מיידל**

פארוואָס?

**יונגער לענץ**

ווייל דו געפעלסט מיר.

**דאָס מיידל**

איר מיר אויך.

**יונגער לענץ**

נו, זעסטו שוין...

**דאָס מיידל**

איר געפעלט מיר שוין פון לאנג. צייט איר זענט געקומען צו פאָרן פון בערלין אזא דערוואקסענער, אזא שיינער... גאָרנישט דערזעלבער, וואָס מיט צוויי יאָר צוריק... איך געדענק דאָך אייך... איר זענט נישט געווען אזא שיינער פריער... איצט, ווען איך האָב אייך דערזען צום ערשטן מאָל אין פאבריק, האָב איך באלד א טראכט געטון! אָט, פון אים וואָלט איך וועלן — איין קוש!... הי-הי-הי...

**יונגע לענץ**

איינעם? נא דיר הונדערט! טויזנט!...

*נעמט זי קושן ליידנשאפטלעך, ציענדיק זי צום דיוואַן*

**דאָס מיידל**

*ווערט זיך*

לאָזט מיך אָפ!... נישט גוט פאר אייך מיך צו קושן...

**יונגער לענץ**

איך ווייס שוין בעסער, וואָס פאר מיר איז גוט...

*וויל זי ווידער ארומנעמען*

**דאָס מיידל**

ניין! ניין! איך וועל אייך שוין בעסער זאָגן אלץ...

**יונגער לענץ**

נו?

**דאָס מיידל**

איך... איך בין... קראַנק..

**יונגער לענץ**

*לאָזט זי אָפּ, באַטראַכט זי אַ ווײַלע, אָבער גלייבט איר נישט*

הע, הע... ווילסט מיך אָפּנאַרן... איך קען זיך דערויף...
איך פאַרשטיי אַזעלכע תירוצים... קום!

**דאָס מיידל**

*צעטלויפּט*

ניין, הער לענץ! נישט, ווי איר מיינט.. איך בין אומ-
גליקלעך זייער... ווײַל איך נישט, אַז איר...

**יונגער לענץ**

וואָ... וואָ... וואָס?!

*טרעט זיך פון איר*

**דאָס מיידל**

יאָ... אָט טאַקע דאָס... איצט פאַרשטייט איר שוין?

**יונגער לענץ**

דו... דו?! איך קען דאָך דיך אַלס קינד... אָט אַזאַ
קליינינטשקע ביזטו געווען... ווען דיין מאַמע פלעגט קו-
מען צו אונז וואַשן וועש, פלעגסטו זיך שפּילן אין קליי-
נעם גערטל אויפן הויף... באַלד. וויפיל יאָר ביזטו איצט
אַלט?

**דאָס מיידל**

זעכצן.

**יונגער לענץ**

זעכצן! און — שוין?!

**דאָס מיידל**

שוין לאַנג!... באַלד, ווי לאַנג? ס'וועט זיין — דריי יאָר...

**יונגער לענץ**

ביזטו, הייסט עס, דעמאָלט קוים אַלט געווען דרייצן
יאָר?

**דאָס מיידל**

יאָ...



**יונגער לענץ**

ווי אַזוי איז עס געשען? האָסטו זיך דען אַזוי יונג
פאַרליבט?

**דאָס מיידל**

פאַרליבט? באַלד... פונקט געטראָפן... הי, הי — איך
האָב נאָך דעמאָלט אפילו נישט געהאַוסט, וואָס דאָס
וואָרט באַדייט.

**יונגער לענץ**

איז — וואָס דען?

**דאָס מיידל**

איך האָב געמוזט... פאַר אַנדערטהאַלבן רובל... דער
טאַטע האָט געהייסן...

**יונגער לענץ**

דיין אייגענער טאַטע!...

**דאָס מיידל**

מיין אייגענער.. ס'איז נישט געווען וואָס צו עסן... אַלץ
אין שטוב איז שוין געווען פאַרמשכּנט, פאַרקויפט, זאָגט
צו מיר דער טאַטע: „גיי אין שטאָט אַריין, דריי זיך
אַרום אויף דער גאַס, דו ביזט אַ שיינע... וועט דיך
עמיצער רופן, זאָלסטו מיט אים גיין. אויב — אויב ער
וועט דיר נאָר באַצאָלן... זע נאָר, זאָלסט עפּעס ברענ-
גען אַהיים, ווען נישט וועלן מיר דאָ אַלע אויסגיין פון
הונגער". נו, בין איך געגאַנגען.

**יונגער לענץ**

וואָס איז דיין טאַטע?

**דאָס מיידל**

ער איז שוין גאָרנישט, הי, הי...

**יונגער לענץ**

ווי הייסט?

**דאָס מיידל**

ער איז שוין טויט. געווען אַן אַרבעטער אין אייער
טאַטנס פאַבריק.

**יונגער לענץ**

אהא, און די מאמע דיינע איז געוועזן א וועשין. פארוואָס-זשע איז אויף אייך געקומען אזא שרעקלעכע נויט?

**דאָס מיידל**

די מאמע האָט די לעצטע יאָרן אויפגעהערט וואשן. שוין צו שוואך, קראנק... און דער טאטע — דער טאטע האָט זיך צעוועטלט מיטן מייסטער, האָט מען אים דערפאר אָפּגעזאָגט פון פאבריק.

**יונגער לענץ**

פארוואָס האָט ער נישט פּראָטעסטירט? פארוואָס איז ער נישט געגאנגען צום דירעקטאָר?

**דאָס מיידל**

געוועזן... נישט געהאָלפן...

**יונגער לענץ**

פארוואָס-זשע האָט ער זיך נישט באקלאָגט פאר מיין טאטן?

**דאָס מיידל**

ע, איר מאכט חוזק... ווייסט איר דען נישט. אז צו אייער טאטן ווערט קיין ארבעטער נישט צוגעלאָזט? און ווען אפילו יאָ, וואָלט עס אויך נישט געהאָלפן. איר אפשר ווייסט טאקע נישט, אָבער מיר, אָהאָ, מיר קאָנען שוין צו גוט דעם אלטן לענץ!...

**יונגער לענץ**

נאָך א קורצער פּויזע

דו ווילסט עפּעס געלט?

חיל איר געבן

**דאָס מיידל**

איך וויל נישט. בחינם נעם איך נישט קיין געלד... איך בין נישט קיין בעטלערקע...

**יונגער לענץ**

נעם, דו באדארפסט.

**דאָס מיידל**

דארפן דארף איך שוין איינמאָל... זאלבעזעקס זענען



מיר אינדערהיים. די מאמע איז קראנק... ס'איז שוין געוועזן ביי אונז גאָר שלעכט, אָבער איצט איז שוין אדאנק גאָט אביסל בעסער, זייט מיין יונגערע שוועסטער העלפט מיר צו...

**יונגער לענץ**

ציטערט אויף

דיין שוועסטער אויך?!

**דאָס מיידל**

פארשטייט זיך... איך האָב זי אליין ארויסגעפירט אין גאס אריין, נאָך פאראיאָרן, ווען זי איז אלט געווען דרייצן יאָר... פארוואָס זאָל איך אליין פארדינען אויפן גאנצן הויז... נו, העלפט זי מיר צו: בייטאָג ארבעטן מיר צוזאמען ביי אייך אין פאבריק און ביינאכט גייען מיר ארויס...

**יונגער לענץ**

כאָטש דו ביזט... קראנק...

**דאָס מיידל**

פארביסן

יאָ, נו, איז וואָס? דארפן מיר שוין, הייסט עס, פגרן פון הונגער? איר מיינט, אז איך דערצייל עמיצן פון מיין אומגליק. א פייג! — יענער, וואָס האָט עס מיר געטון, האָט מיר אויך נישט דערציילט...

**יונגער לענץ**

פארוואָס-זשע האָסטו מיר געזאָגט?

**דאָס מיידל**

קוקט אויף אים מיט א ווארימען שמייכל

ווייל... אייך... אייך איז מיר א שאָד... איר זענט אזא שיינער, אזא געזונטער און אזא, אזא — רייכער... אונזערן איז מיר נישט קיין שאָד. סיי-ווי לעבט ער דאָך א געמוטשעט לעבן — אָבער איר — אייך איז דאָך אזוי גוט, טאקע נאָר ווי א פּרינץ... ווי-זשע זאָל איך אייך דאָס טון... ניין!...

יונגער לענץ

דו האָסט דאָך געקאָנט איצט זיך אָפּרעכענען מיט מיר פאר זיך און פאר זיי אלע!...

דאָס מיידל

דערלאַנגט אויך אַ פּאַטש מיט די הענט

אי! אמת... איך האָב דאָס טאקע איצט געקאָנט און געדארפט טון!... א שאָד... ארויסגעלאָזט פון דער האנט אזא געלעגנהייט...

אָבער זי קוקט אים דערביי אָן מיט אַ הערצלעכן בליק

יונגער לענץ

פארוואָס קוקסטו אויף מיר אזוי?

דאָס מיידל

ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, ברודערל בעסער אזוי... דערלאנגט מיר א פאפּיראָס!

ער דערלאנגט איר אַ פּאַפּיראָס פון זיין גאָלדענער פּאַפּיראָסניצע וואָס ער לאָזט ליגן אויפן טיש

נו, און א שוועבעלע, שיינינקער...

ער דערלאַנגט איר, זי פאַרויכערט, דערנאָך ציט זי צו אים די האַנט

א דאנק — „מוסיו...“

יונגער לענץ

כאַפּט איר האַנט און קושט זי מיט אכטונג

דאָס מיידל

זעצט זיך אויף צוריק; פאַרגעסט אויף אַ גאַנצן שכּור

וואָס טוט איר! איר, מיין האנט...

יונגער לענץ

נישט נאָר דיין האנט — דיינע פיס דארף איך קושן!

ער פאַלט אויף די קני און וויל אַרומנעמען איר'ע פיס

דאָס מיידל

וואָס ווילט איר פון מיר?

יונגער לענץ

זיי מיר מוחל!

דאָס מיידל

פארוואָס?



יונגער לענץ

פאר מיין טאטן, פאר מיר, פאר אונז אלע!...

קושט איר'ע פיס

דאָס מיידל

וואָס טוט איר?... איר, אזא רייכער, אזא שיינער, מיר... מיינע פיס... איך פארשטיי אייך נישט... סיידן... נישט אנדערש...

זי ריקט זיך אָפּ פון אים אָן מיט שרעק

יונגער לענץ

שטייט אויף

האָב נישט קיין מורא, איך בין נישט משוגע — און נישט שכּור אויך — פארקערט, קיינמאָל בין איך נאָך נישט געווען אזוי קלאָר ווי איצט... איך האָב ביז היינט נאָך קיינמאָל נישט געזען אלץ אזוי דייטלעך ווי אין דער מינוט... הער! אין דעם נייעם פאלאץ, וועלכן מיין טאטע האָט איצט געקויפט, איז פאראן פערציק שפּאַן־פערד בלויז פאר אונזערע קארעטן, קאָטשן און פייע־טאָנען... דער שטאלטייסטער האָט מיר געזאָגט, אז די פערד אליין האָבן די ווערט מער פון הונדערט טויזנט רובל...

דאָס מיידל

חערט זיך איין גייסטיק

אָווא! אָווא!...

יונגער לענץ

אויסער זיי זענען נאָך דאָ אין דעם פאלאץ פינף ריים־פערד פון ריין אראביש בלוט און יעדעס פון די ריים־פערד קאָסט פיל, פיל טויזנטער...

דאָס מיידל

אָווא! אָווא! און דאָס אלץ וועט אמאָל געהערן צו אייך?

יונגער לענץ

צו מיר אליין. איך בין דאָך ביי מיין טאטן אן איינציקער!... און דו ווילסט ביי מיר נישט נעמען א ביסל פון מיין געלט... געם!...

דאָס מיידל

*נעמט נישט*

אָבער איר וועט נאָך מוזן לאַנג וואַרטן ביז אייער מאַ-
טענס רייכקייט וועט אייך געהערן... אייער טאטע איז
נאָך אזא געזונטער...

יונגער לענץ

איך בין דאָך שוין איצט רייך—א שרעק... דו וואָלסט
זען, ווי איך לעב מיר אין בערלין; איך לערן דאָרט,
הייסט עס, אין אוניווערזיטעט... מיין וואוינונג באשטייט
פון צוועלף צימערן! איך האָב מיר מיין אייגענעם קא-
מערדינער, צוויי לאקייען, א קוכער, א סטאנגרעט, צוויי
שטאל-יונגען, קארעטן, פערד... גאנץ בערלין קאָן מיך...
מען רופט מיך דאָרט „דער רייכער לענצל..." איך פאַר-
שווענד געלט, וויפיל מיין הארץ גלוסט! דער טאטע
האָט מיר געזאָגט: קיין געלט דארפסטו נישט שפּאָרן,
נאָר זע, זאָלסט זיך צונויפקומען מיט מענטשן פון די
הויכע קרייזן...

דאָס מיידל

מיט וועמען?

יונגער לענץ

מיט באראָנען—מיינט ער מיט גראפן און פרינצן—
מיינט ער... ווייל—דו ווייסט—מיין זיידע איז דאָך גע-
ווען פונקט אזא ארבעטער, ווי דיין טאטע...

דאָס מיידל

יאָ, איך האָב טאקע געהערט וועגן דעם ריידן. מען
זאָגט, אַז אייער זיידע איז פון א פּראָסטן וועבער געוואָרן
א מייסטער, דערנאָך זאָל ער האָבן עפּעס פארדינט א
ביסל געלט, האָט ער געלאָזן אייער טאטן לערנען אין
די שקאָלעס... דערנאָך האָט אייער טאטע חתונה-געהאט,
גענומען א גרויסן נדן און אויפגעשטעלט די פאבריק
בשותפות מיט'ן אלטן וואגנער... דערנאָך..

*זי שווייגט*



יונגער לענץ

נו, וואָס? זאָג אלץ, וואָס דו ווייסט.

דאָס מיידל

ע, ווייסט איר דען אליין נישט בעסער פון מיר?

יונגער לענץ

ניין, איך ווייס נישט אלץ. פאר מיר באהאלט מען...
איר דאָרט ווייסט אלץ! דערציילט מיר... איך וויל אויך
אלץ וויסן! דערציילט!

דאָס מיידל

וועט איר נישט בייז ווערן?

יונגער לענץ

ניין. זאָג... זאָג!

דאָס מיידל

מען זאָגט... ניין, איך האָב מורא...

יונגער לענץ

האָב נישט קיין מורא. איך הייס ריידן—אלץ!

דאָס מיידל

וועל איך דערציילן... מען זאָגט, אז אייער טאטע איז
אזוי רייך געוואָרן נאָר פון פרעמדער קריוודע. דער
שותף זיינער, דער אלטער וואגנער זאָגט מען-האָט דורך
אייער טאטן באקומען אן אפּאָפּליעקסיע און די אלמנה
מיט די יתומים וואגנערס האָט ער באראבעוועט ביז'ן
לעצטן גראָשן, געמאכט זיי פאר בעטלער—און דערנאָך
זאָגט מען...

*זי רייסט ווידער אָפּ*

יונגער לענץ

אלץ! אלץ! דערציילט! איך מוז דאָך אלץ וויסן!... דערציילט!

דאָס מיידל

איך האָב געהערט, נישט איינמאָל האָב איך געהערט,
ווי מען זאָגט: „דער געלער כלב—אייער טאטע, הייסט
עס—דער געלער כלב האָט א גאנצע וועלט באשווינדלט,
באגנב'עט, באגזל'ט, דער געלער כלב!..." אַז מען זאָגט

„דער געלער כלב“, אָדער „דער געלער גנב“, ווייסן שוין אלע, ווען מען מיינט... איר זענט נישט ביין אויף מיר?...

*לענק באַהאַלט זיין פּנים אין די הענט און שלוכצט שטיל*

איר וויינט גאָר?! וואָס איז אייך?

**יונגער לענק**

*באַהערשט זיך*

גאָרנישט. רייד ווייטער. וואָס נאָך האָסטו געהערט?

**דאָס מיידל**

אַז איר וויינט גאָר...

**יונגער לענק**

איך וועל שוין נישט מער! זאָג!

*שריַיט היסטעריש*

דערציייל!...

*באַלד בעט ער הייך*

איך בעט דיך, באַהאַלט דו כאָטש פון מיר גאָרנישט... איך מוז דאָך אמאָל וויסן, ווער און וואָס איך בין, פון וואַנען איך בין געקומען און וואוהין איך גיי... דער-צייל, וואָס נאָך זאָגט מען? וואָס?...

**דאָס מיידל**

מען זאָגט: עס וועט סוף-כל-סוף קומען אזא איינער, וואָס וועט זיך נוקם-זיין אין דעם געלן הונט פאר אלץ און פאַר אַלע!...

**יונגער לענק**

אַזוי זאָגט מען?!

**דאָס מיידל**

נישט איינמאָל האָב איך עס געהערט... אָבער ווער ס'האָט אזוי געזאָגט, וועל איך אייך אויף קיין פאַל נישט דערציילן. זיי וואָלטן מיך דערפאַר דערהרג'עט און זיי וואָלטן געווען גערעכט...

**יונגער לענק**

*מיט אַ שרעקלעכער אנטשלאָסנקייט*

עס וועט קומען אזאַ איינער, וואָס וועט זיך נוקם-זיין...



**דאָס מיידל**

*ענדיקט*

אין דעם געלען הונט...

**יונגער לענק**

*כאַפּט זי פאר דער האַנט*

קום-זשע מיט מיר!

**דאָס מיידל**

וואוהין?

**יונגער לענק**

צו אים! צו מיין טאַטן!

**דאָס מיידל**

וואָס רעדט איר! ניין! ניין! איך וויל נישט!

**יונגער לענק**

דו מוזט! און איך מוז עס! פאַר דיר, פאַר אייך אַלע...
קום! קום!

**דאָס מיידל**

איך האָב גאָרנישט געזאָגט... לאָזט מיך! איך וויל נישט!

*רייסט זיך ארויס פון זיינע הענט און אנטלויפט אין אַ ווינקל*

**יונגער לענק**

*אטעמט שווער*

אַזוי מורא האָסטו פאר אים?! נו, זאָל זיין... וועל איך אליין... ווארט דאָ. איך קום באלד צוריק!

*אפ ראש לינקס*

**דאָס מיידל**

וואָס וועט ער טון?... אזא משוגענער... אלע רייכע זע-נען משוגע... אודאי פון וואוילטאָג...

*קוקט זיך ארום און באמערקט אויפ'ן טיש די גאָלדענע פּאַפּיראָסניצע*

אי, גאָלד!

*לויפט צו, כאַפּט עס אין ביידע הענט און באַקוקט עס זשעדנע*

אזא נאר, אזעלכעס לאָזט ער ליגן אויפ'ן טיש... אזא פארמעגן... אפשר הונדערט רובל! אי, ווען איך האָב דאָס... ווען איך...

*באַקומט, קענטיק, גרויס לוסט צו באַהאַלטן עס אין בוזים, אָבער אין דעם מאָמענט הערט זיך פון צווייטן צימער דעם אַלטנס און דעם יונגנס שטימען. זי שפּרינגט אָפּ פון טיש שטאַרק איבערגעשראָקן*

אוי! דער אלטער כלב!...

**דער אלטער לענץ**

פון צווייטן צימער

וואָס ווילסטו? וואָס איז דיר אזעלכעס געשען?

**יונגער לענץ**

שלעפּ־אריין כמעט מיט גוואַלד דעם פּאָסטער פאַר דער האַנט

קום־אהער! קום... זע... קוק זי גוט אָן... דו קענסט זי?

ער ווייזט אויפ'ן מיידל, וואָס שטייט אין א ווינקל, נישט ווייסנדיק וואָס מיט זיך צו טון

**אלטער לענץ**

וואָס שרייסטו אזוי? ווער איז עס, אָט די אָ?...

**יונגער לענץ**

דיין ארבעטערין איז עס, טאטע! איינער פון דיינע אכט־טויזנט אויסגעמוטשעטע, אויסגעהונגערטע קנעכט, וועלכע וועבן פאר דיר מיליאָנען!

**אלטער לענץ**

בייז

ווי קומט זי אהער... ווער האָט זי ארייַנגעלאָזן?!

היל קלינגען

**יונגער לענץ**

כאַפּט אים פאַר דער האַנט

קלינג נישט! קיינער דאַרף דאָ איצט נישט זיין, אויסער אונז דריי...

**אַלטער לענץ**

דערשראָקן

וואָס איז מיט דיר?

וואַרפט ווידער א בליק אויף איר

וואָס טוט דאָ די בעטלערקע?

**יונגער לענץ**

נישט קיין בעטלערקע—ערגער: אַ פּראָסטיטוטקע איז זי... דיין פּראָסטיטוטקע! דיין ווערק איז זי... דו האָסט זי באשאפן—און איך, איך האָב זי געוואָלט אויסנוצן... אָבער זי האָט נישט געוואָלט... ווייסטו, פארוואָס זי האָט נישט געוואָלט? ווייל זי איז—קראנק!...



**אלטער לענץ**

איך מיין, אז דו ביזט קראנק... דו דארפסט א דאָקטאָר

וויל ווידער קלינגען

**יונגער לענץ**

לאָזט אים נישט

רוף נישט קיין דאָקטאָר! מען דארף נישט... פאר מיר איז נאָך צו־פרי און פאר איר איז שוין צו־שפּעט... אויב מען וואָלט יאָ באדארפט א דאָקטאָר, איז נאָר פאר דיר—טאטע... אָבער דיך וועל איך באלד אליין אויסהיילן...

**אלטער לענץ**

איך פערשטיי נישט, וואָס דו רעדסט... וואָס טוט זי דאָ?!

**יונגער לענץ**

באלד וועסטו אלץ פארשטיין... הער־אויס, טאטע! איך פאָדער דיך אויף, דו זאָלסט אוועקגעבן צוריק דאָס געלט, וואָס דו האָסט אויסגעריסן ביי די ארימסטע און אומגליקלעכסטע!... וואַש־אָפּ אונזער נאָמען פון זינד און שאנד!... און פאר איר, פאר דער אומגליקלעכסטער פון דיינע פאראומגליקלעכסטע, פאר דער קראנקער פּראָסטיטוטקע פאל אויף די קני און בעט זי פארצייאונג, ווי איך האָב זי פריער אויף די קני געבעטן!

ער כאַפּט דעם פּאָסטערס האַנט און שלעפּט אים צום מיידל

**אלטער לענץ**

רייסט־ארויס זיין האַנט און לאָזט זי מיט וואוט אראָפּ אויף דעם זונס פּנים

אָט דאָס וועט דיך אויסהיילן!...

**יונגער לענץ**

שטייט אַ ווײַלע ווי צומישט, באלד ציטערט ער אויף, לויפט צו צום שרייב־טיש, רוקט האַסטיק ארויס א טישקעסטל און באַקומט פון דאָרט א רעוואָלווער

**אַלטער לענץ**

וואָס ווילסטו טון?

בלייבט אויפ'ן אָרט ווי צוגעשמידט פון שרעק

**יונגער לענץ**

איך וויל זיך נוקם־זיין פאַר איר, אָ!... און פאַר אלע

אזעלכע ווי זי—און אויך פאר זיך אליין!... אָט, וואָס איך וויל טון!... איך וויל זיך נוקם-זיין פאר'ן עלנד און הונגער און שאַנד, אין וועלכן ס'לעבן דיינע אר-בעטער! איך וויל זיך נוקם-זיין פאר דיינע מיליאָנען! פאר דיינע פאלאצן! פאר דיין לעבן און רײַכטום און וואוילטאָג—און פאַר די בערגער געלט, וואָס דו האָסט מיר איבערגעשיקט קיין בערלין, כדי איך זאָל קאָנען דאָרט פירן אזא לעבן, ווי דו פירסט דאָ—און פאַר די אלע, וועלכע דו האַסט צוליב דעם באשווינדלט און באגנבעט און פאראומגליקט וויל איך זיך נוקם-זיין מיט אזא שרעקלעכער נקמה...

**אלטער לענץ**

*פארציסערט*

דו ווילסט דיין טאטן...

**יונגער לענץ**

*שלאגט=איבער*

ניין! נישט דיך... איך וועל נישט זיין קיין פאָטער-מערדער... די נקמה וואָלט אויך געווען צו קליין... מיין נקמה וועט זיין פיל שרעקלעכער!... זע, טאטע!

*ער לעגט-צו דעם רעוואָלווער צו זיין שלייף*

**דאָס מיידל**

*שפרינגט-צו און כאפט פעסט אָן זיין האנט, שרייענדיק אויסער זיך*

טוט דאָס נישט! איך וויל נישט! איך וויל נישט!...

**אלטער לענץ**

*לויפט אויך צו מיט אויסגעשטרעקטע הענט*

קינד! קינד מיינס!...

*אין דעם מאָמענט שיסט אויס דער רעוואָלווער*

**דאָס מיידל**

*כאפט זיך פאר'ן הארץ און פאלט אויף דער ערד מיט א שטילן אויסגעשריי*

איך!... איך! איך...

**יונגער לענץ**

*בלייבט ביי איר קערפער שטיין ווי פון זינען אראפ שטיל*

זי?... זי גאָר?! פארוואָס האָט זי נאָך פארגאָסן איר בלוט?! פארוואָס?! פארוואָס?!

*פארהאנג*



# ווען די בלעטער פאלן...

## דראמאטישער נאָקטורן אין איין אַקט

## פּערזאָנען:

דער פּירשט
די פּירשטין
די נאָנע
די פּריאָרין (קלויסטער-אויפזעהערין)
נאָנען

גע שעהט אין א פראַנצויזישן קלויסטער.

געשפּילט צום ערשטן מאָל אויף פּויליש אין ווארשעווער דראַ-
מאַטישן רעגירונגס-טעאַטער Teatr Rozmaitości, צוזאַמען
מיט א גאַנצן דראַמאַטישן ציקל פון זעלבן מחבר, אונטער דעם
נאָמען „אין לאַנד פון אומרעכט" Królestwo Krzywdy
דעם 3-טן יאַנואַר 1908.

---

געדרוקט אויף פּויליש אין וואָכנשריפט Scena i Sztuka
אין זעלבן יאָר.

געדרוקט אויף יידיש צום ערשטן מאָל אין מאָנאַטשריפט „צוקונפט"
ניו-יאָרק 1920.

געדרוקט אויף שפּאַניש אין וואָכנשריפט Mundo Izraelita
בוענאָס איירעס אויגוסט 1923

(ס'געשעט אין א פרויען־קלויסטער: אין פראנקרייך).

א גאָרטן ביים קלויסטער. עס גייט אונטער די זון אין אַ שפּעטן
הערבסט־טאָג. פֿון די אַלטע, דיקע ביימער פאַלן בלוטיק־רויטע
בלעטער: מיט א גערויש פאַלן זיי, ווי מיט שווערע זיפצן, ווי גאָר
מיט אַ פּראָטעסט: פאַר וואָס האָט מען זיי, אומשולדיקע, אויף
טויט פארמשפּט...

חייס צווישן די ביימער זעט זיך קוים ארויס אַ זייער אַלטע קירך.
פֿון דאָרטן קלינגען איצט די גלאָקן ערנסט, מעלאָדיש: דאָס רופן
זיי די נאָנען צום אוונט געבעט.
און די נאָנען גייען...

צוויי שורות ציען זיי זיך — מיט שטילע, ריטמיש־מעלאָדישע
טריט; אזעלכע ערנסטע ווי די גלאָקן, וועלכע רופן זיי; אזעלכע
טרויעריקע ווי די הערבסט־בלעטער, וואָס פאַלן צו זייערע פיס...
אָנגעטאָן זענען זיי אין ווייסן. זייערע קעפּ און פנים'ער זענען
מיט שווארצע שלייערס באדעקט... און אין דער האנט טראָגט
יעדע א גרויס ליכט נישט אָנגעצונדן.

פֿון דער צווייטער אַלעע גייען ארויס די פֿירשטין, די פּריאָרין
און דער פירשט.

די פירשטין איז א גראָע, מיט גאנץ פֿריציייטיקע גראָקייט: קענ־
טיק, צופיל געליטן אין קורצן לעבן. זי איז אין טיפן טרויער
אָנגעטאָן. דאָס מאַכט זי ענלעך צו א ליכטיקער ווינטער־נאכט...
דער פירשט — איז גיכער אויף איר מיטליידער און חבר ענלעך.
אלס אויף איר מאן...

זיי שטעלן זיך אָפּ און קוקן שווייגנדיק אויף די נאָנעס, וואָס
שווימען זיי פאַרביי...

---

פירשטין

ווי לייבלעכע שוועסטער, אזוי זעען זיי אויס אלע...

פריאָרין

זענען זיי דאָך אַלע שוועסטער: נישט נאָר זייערע ליי־בער, נאָר אויך זייערע נשמות געהערן דאָך איין פאָ־טער אין הימל, איין מוטער־ערד...

פירשט

ווי זיי וואָלטן איין הייליקן געדאַנק געטראָגן, אַלע צו־זאַמען און יעדע באַזונדער — אין קאָפּ, אין האַרץ און אין דער נשמה... אַזוי זעען זיי אויס...

פריאָרין

דאָס טראָגט דאָך זיי דער געדאַנק, דער הייליקער! — יעדעס האַרץ, יעדן קאָפּ און יעדע נשמה...

פירשטין

ווי שעם איך זיך איצט, דאָס איך האָב ביז היינט נישט געוואוסט, אַז מענטשן קענען לעבן אויסערן לעבן... איצט ווייס איך שוין...

פריאָרין

און וואָס לערנט איר דערפון?

פירשטין

אַז דאָס לעבן איז געבוירן אויסער יעדן ציל.

פריאָרין

איר ווילט מיינען, אַז ווען אַלע צילן פון לעבן ענדיקן זיך און פאַרשווינדן, בלייבט דאַמאָלס דער דערהויבענער עקסטאַז פון גלויבן — פאַר וועלכן דאָס לעבן באַקומט אַ ווערט אויפסניי?

פירשטין

אַזוי האָב איך געדענקט.

פריאָרין

עס איז ווערט אויפסניי צו לעבן, כדי צו האָבן די מעגלעכקייט אויסצוקויפן די באַגאַנגענע גרויסע זינד, דאָס מיר האָבן פון לעבן דעם טיפן זין בלויז נאָר אין דעם געזען, וואָס איז מענטשלעך אין אונז — און נישט אין דעם, וואָס ס'איז אין אונז פון גאָט...



פירשטין

אַזוי האָב איך געדענקט...

*זיי גייען*

פריאָרין

די רייכע פרייגיביקע מיטלען, וועלכע איר האָט באַווי־ליקט אונזער קלויסטער צו שענקען, וועלן איצט אונז דערלויבן איבערצובויען די אַלטע קירך, וואָס איז שוין מער פון דריי הונדערט יאָר אַלט...

פירשטין

דאָס איז מיין הייסער פאַרלאַנג.

פריאָרין

אויך פאַר די נאָנען וועלן מיר אַ נייע געביידע אויפ־שטעלן — און פיל פון יענע אומגליקלעכע, וועלכע האָבן ביז איצט אומזיסט געקלאַפּט אין אונזערע טויערן יעדן טאָג — וועלן שוין איצט — אַדאַנק אייך, פירשטין — ביי אונז רו און שוץ געפינען...

פירשטין

דאָס איז מיין איניגסטער ווילן.

פריאָרין

און די נעמען פון אייערע דריי זין, וועלכע זענען אויף אַזאַ וואונדערבאַרער אַרט געשטאָרבן, וועלן ווערן אויס־געקריצט אין קירך אויפן שטיינערנעם טאָוול איבערן אַלטאַר.

פירשטין

דערפאַר דאַנק איך אייך האַרצלעך.

*זי ווישט די טרערן און זיפצט שטילער פון גערויש פון די בלע־טער, די גלאָקן זענען שוין אַנטשויגן.*

פריאָרין

אונז איז צייט צו גיין, מען וואַרט שוין אויף אונז אין דער קירך.

פירשטין

*צום פירשט*

שוין צייט — קום!

פירשט

איך וועל בלייבן דאָ. דו ווייסט, אז נאָר ווען איך בין אליין, קען איך בעטן מיין גאָט...

פריאָרין

אומצופרידן

פון דעם האָבן מיר אויך געהערט. אָבער מיר האָבן עס אייך נישט גערעכנט פאר קיין זינד. מיר ווייסן, אז שוין די איינזאמקייט אליין איז צו גאָט א געבעט...

פירשט

זי קען ווערן א געבעט...

פריאָרין

יאָ, די איינזאמקייט קאָן ווערן דאָס פרומסטע געבעט.–

גייט אוועק צו דער קירך, די פירשטין גייט איר נאָך

— — — — — — — — — — — — —

פון קירך הערט זיך דאָס געזאנג פון די נאָנען. די ערהאבענע טענער פון אן אָרגאן בעטן מיט זיי צוזאמען.

דער פירשט האָט זיך אראָפּגעלאָזט אויף א באנק און הערט זיך איין — און פארטראכט זיך. דאָס וואונדער-געזאנג, די אָרגאנען מוזיק וועקט אין אים אויף לאנג-פארגעסענע ווייטע, גאנץ ווייטע ערינערונגען, — האלב געחלומט, האלב איבערגעלעבט.. ער הערט זיך נאָך טיפער איין... און פארטראכט זיך נאָך טיפער...

— — — — — — — — — — — — —

און ער זעט: אויף דעם זעלבן וועג, וואו עס זענען פריער אלע דורכגעגאנגען, גייט פאַרביי איינע – א פארשפעטיקטע נאָנע — מיטן זעלבן שריט, מיטן זעלבן ריטם.., דאָס פנים, ווי ביי יענע פארשלייערט.. און אין דער האנט טראָגט זי ווי יענע — א גרויס נישט אָנגעצונדן ליכט.. אויפן האלבן וועג צו דער קירך שטעלט זי זיך פלוצלונג אָפּ, זי דרייט זיך אויס צום פירשט, שטייט א לאנגע, אָנגעשטרענגטע ווילע גלייך, קוקט אויף אים פון אונטערן שליער. זי גייט צו נענטער — און בלייבט פאר אים שטיין ווי אין דער ערד אריינגעוואקסן...

דער פירשט שטייט-אויף, קוקט זיך איין אין דער זעאונג, האלב פארחלומט, האלב איבערגעלעבט... ס'דויערט לאנג ביז ער אנטשליסט זיך צו פרעגן:

— שוועסטער... דו ווילסט מיר עפעס זאָגן?



— יאָ...

— איך הער דיך, שוועסטער.

— א גרויסן סוד וויל איך דיר אנטדעקן...

— א סוד?

— איך וויל דיר זאָגן... היינט, ווען איך האָב דיך דאָ אזוי אומגערעכט דערזען... היינט – אין זעלבן טאָג, ווען ס'איז מיט אזוי פיל יאָרן צוריק געשען דאָס, וואָס ס'איז געשען... וואָס פאר א וואונדערבארער טראף – פונקט היינט!... נישט אנדערש, נאָר גאָטס האנט איז געווען דערביי... האָב איך באַשלאָסן דיר צו אנטדעקן – וואו... וואו ס'געפינט זיך דיין זון...

— מיין זון?

— יאָ, איך מוז עס דיר אנטדעקן, ווייל... דו ביזט פונקט היינט ווידער אויף מיין וועג געקומען... פונקט היינט...

— שוועסטער, מיינע זין זענען געשטאָרבן!

— זיי זענען געשטאָרבן, איך ווייס... און איך רייד וועגן דיין זון, וועלכער לעבט...

— זיי זענען געשטאָרבן אלע דריי!

— איך רייד וועגן דעם, וועלכער לעבט... איך רייד וועגן אונזער זון...

— אונזער זון?

ער קוקט זיך ווידער לאנג איין מיט א פארכאפּטן אָטעם... ביז ער רעדט קוים ארויס – זיין שטימע ציטערט:

איך פארשטיי דיך נישט... ווער ביזטו?

זי ענטפערט שטיל, קוים וואָס מען הערט זי.

— איך בין די מוטער פון דיין קינד...

— דו?!

זי וויגט מיטן קאָפּ: – יאָ – אָן א וואָרט... ביידע שווייגן. ס'איז שטיל... דאָס געזאנג און די אָרגאנען-טענער ווערן גלייך ווי פון א נעבל צוגעדעקט..

— ווי הייסט דו?

זי שווייגט.

— ווי רופט מען דיך?

זי שווייגט.

— ווי האָט מען דיך פריער גערופן?

זי שווייגט.

— פריער, איידער דו ביסט אָנגעקומען אהער?

— דאָס טאָר איך דיר נישט זאָגן... מיין נאָמען איז צוזאַמען מיט דער, וועלכע האָט דעם נאָמען געטראָגן געבליבן אויף יענער זייט קלויסטער-מויער און איז לאנג שוין דאָרט געשטאָרבן...

— ווייז מיר דיין געזיכט, איך זאָל דיך דערקענען. הויב אויף דיין שלייער...

— דו ווייסט, אז דאָס טאָר איך נישט...

— אָבער אין דעם פאל...

— דאָס וועל איך נישט טון — קיינמאָל...

— ווי אזוי זשע וועל איך דיך דערקענען?

— דו האָסט מיך געליבט מיט דער ערשטער ליבע — און איך האָב דיך מיט דער ערשטער ליבע געליבט... דערקענסטו מיך?

— מיט דער ערשטע ליבע?

ער שטרענגט אָן זיין זכרון —ווער איז זיז ווער ווען האָב איך מיט דער ערשטער ליבע געליבט? ער קען זיך נישט דערמאָנען.

— ניין... איך דערקען דיך נישט...

— ווי איז דאָס מעגלעך? די ערשטע ליבע איז דאָך נאָר איינע פאראן, און דו געדענקסט זי נישט!...

ער לאָזט אַראָפ דעם קאָפ.

זי דערמאָנט אים:

— האָסט דאמאָלס געזאָגט: „דו ביסט מיר די ערשטע און וועסט מיר זיין די לעצטע!" מיט אזא פלאם האָסטו די ווערטער געזאָגט, אז ביז היינט זענען זיי פארבליבן אין אלע מיינע אָדערן — און איך קען זיי נישט מער פון דאָרט פאַרטרייבן. ניט מיט פאַסטן און פייניקן, נישט מיט די הייסטע געבעטן... דערקענסט מיך איצט?

— ניין.



— צי האָסטו דען נישט מיר איינע געזאָגט די ווערטער?

ער שווייגט.

— אָבער מיר האָסטו דאָך געשוואוירן!

— געשוואוירן?!

— יאָ, מיר האָסטו געשוואוירן.

— אך! איך ווייס! דו ביסט — ניין! נישט דו ביסט עס... דיך דערקען איך נישט...

— און דעם טאָג דעם היינטיקן דערקענסטו אויך נישט?... פונקט היינט איז עס דאָך געשען...

— יאָ, דו ביסט עס... דו ביסט די טאָכטער פון מיין וואלד-אויפזעער...

— ניין... אויף א גרויסוועלטיקן באל האָבן מיר זיך באגעגנט... און פון דאָרט — פון מוזיק און טאַנץ און פרייִלעכקייט, זענען מיר אנטרינען צו אונזער אייגענער פרייד... פון פריינט און נאָענטסטע — צו זיך זעלבסט צו אונזער הייליקסטער נאָענטקייט... דו געדענקסט?

— דו ביזט די שוועסטער פון מיין פריינט.

— ניין. נאָר דו האָסט מיר דאמאָלסט געזאָגט, אז מי בין דיר פון אלע דיינע פריינט נענטער און פון דיין איינציקער שוועסטער: אזוי נאָענט איז דיר נאָר געווען דיין מוטער ווען דו ביזט נאָך אין איר טראַכט געלעגן... און אזוי נאָענט וועט דיר זיין נאָר דער טויט... אזוי האָסטו געזאָגט...

— ווער ביזטו? ווער ביזטו?!

— דאָס טאָר איך נישט אויסזאָגן קיינעם. גרויס איז שוין מיין זינד בלויז דערפאר, וואָס איך רעד מיט דיר דאָ איצט... און וואָס איך רעד אזוי... עס דערוואַרטן מיך דערפאר פיל טעג פון שטרענגן פאסטן און שווערן פייניקן מיין לייב און זעלע, ביז — איך וועל פארגעסן...

— דו וועסט פארגעסן?

— איך וועל פארגעסן יענע נאכט, וועלכע איז מיר געווען דער ליכטיקסטער טאָג אין מיין לעבן! איך וועל פארגעל-

די זינד, אין וועלכער ס׳איז גאָרנישט געווען פון זינדיקעס — איך וועל פארגעסן אונזער פארגעסן...

— ווער ביזטו? ווער?!

— דעם אלטן, אלטן וואונדער-פארק דערמאנסטו זיך? דעם פאלאץ, וואו דער באל האָט געזידט, האָבן מיר אין דעם ריזן-פארק פארלוירן... די גוטע אלטע בוימער האָבן אונז אזוי ליבלעך צווישן זיך פארבלאָנדזשעט... און דו האָסט געזאָגט: „זע! עס פרייען זיך די אלטע מיט אונזער יוגנט! עס פרייט זיך דער הערבסט מיט אונזער פרילינג״. — אזוי האָסטו געזאָגט... און אונז איז געווען גלייך ווי די זון וואָלט פלוצלינג אויפגעשיינט יענע הייליקע נאכט! און אונז איז געווען גלייך אירע הייסע שטראלן וואָלטן אין אונזערביידנס בלוט ארייגעפלאָסן און אונזערע ביידנס בלוט צוזאמענגעגאָסן אין איין שטראָם, אין איין קוואל, אין איין ים!... און מיר זענען געווען פאר זיך אלץ: דער נעכטן, מאָרגן, און היינט! — אזוי האָסטו געזאָגט — אזוי האָסטו געזאָגט!... איך גיב דיר צוריק דיינע ווערטער ווי אן עכא... איך בין דאָך דיין עכא...

— מיין עכאָ?...

— דאָס עכאָ פון יענער אלערהייליקסטער זונען-שטראלנדער נאכט...

— ווער? ווער ביזטו, שוועסטער-עכא?

— יענע געבענשטע נאכט האָסטו מיין הארץ ארייגענומען אין דיין הארץ! מיין נשמה האָסטו אין דיינער פארשלונגען און ביזט אוועק מיט זיי אין דער וועלט, אין לעבן... צי האָבן זיי דיר געגעבן גליק?

— ווער?

— די נשמה מיינע... מיין הארץ?

— ניין... מער שלעכטס פון גוטס האָב איך אין מיין לעבן געזען...

— און זי... יענע... וואָס איז דיר געווען די לעבנס-פריינדין, די הארין פון דיין הויז און גוטס און נאָמען? האָט זי דיר נישט געגעבן קיין פרייד?



— אונזער צוזאמענלעבן איז געווען א לאנגע קייט פון אומגליק, א רינג אין א רינג איינגעשמידט, איין אומגליק אין צווייטן — אונזער גאנץ לעבן — ווי איין לאנגע קללה...

— גאָט איז מיין עדות, אז איך האָב דיין נאָמען קיינמאָל נישט דערמאנט צו שלעכטן! פארלאזן און פארגעסן—האָב איך אין מיין בענקען און ליידן דיך אייביק געבענשט...

— פארוואס ביזטו צו מיר נישט געקומען ווידער?

— דער שיקזאל האָט מיך פון דיר פארטריבן ווייט... ווייט!... פונקט אזוי רייסט אמאָל דער שלעכטער ווינט א בלאט פון בוים אראָפּ און טראָגט אים איבער פעלדער און סטעפּעס— שליידערט אים אוועק אויף די ווילד-שטורמיקע-ים וועלן — און אליין פליט ער זיך אוועק, פריילעך און זאָרגלאָז אין דער ווייטער אומענדלעכקייט – אין לעבן...

— איך ווייס נישט.

— דו ווייסט נישט?

— איך צייל נישט די טעג, וועלכע שווימען אוועק אין דעם אָפּגרונד... וואָס גייען זיי מיך אָן ווען זיי זענען געוועז — שטויב...

— און יאָרן ציילסטו אויך נישט?

— יאָרן האָבן פאר מיר דעמזעלבן ווערט וואָס טעג: זיי זענען שטויב...

— און דאָך... ווי אלט איז ער איצט?

— ווער?

— אונזער זון...

מיט דער גרעסטער אנטציקונג ענטפערט זי:

— פאר די אויגן שטייט ער מיר די מינוט!... אזוי לאנג האָב איך אים שוין נישט געזען... ער איז שוין איצט באלד א מאן... אין זיינע אויגן פינקלען שוין דיינע אויגן... אין זיין געזיכט שפיגלט זיך אָפּ דיין געזיכט... איך זע אים! זיינע אָרעמס האָבן זיך שוין ווי דיינע — מענערשע צוּוואקסן, שטרעקט ער זיי אויס פאר זיך ווי צוויי בויגנס געשפּאנטע און זוכט דורשטיק צערטלעכע אומארמונג און ליבע, ווי דו...

אזוי האָב איך אמאָל א יונגן אָדלער געזען, ווען ער האָט זיך פון זיין אָדלער-נעסט צום אָפפלי געגרייט... קענטיק, צום ערשטן מאָל אין זיין אָדלער-לעבן. האָט ער זיין יונגע ברוסט איבערגעגעבן די ווינטן, די וואָלקנס און דער זון!...

דער פירשט פלאַמט אויף מיט איר פלאַם, מיט איר באַגייסטערונג:

— וואו איז ער?! וואו געפינט ער זיך איצט?!

אָבער זי הערט נישט מער — זי זעט נאָר איר זון:

— אזעלכער מוז ער זיין — דיין זון! אזוי מוז אויסזעען דאָס פירשטלעכע קינד פון יענער קעניגלעכער נאכט...

— זאָג מיר, וואו איז ער, איך זאָל אים צו מיין הארץ צודריקן, אלס מיין זון? זע, איך בין פאריתומט ווי א בוים, ביי וועלכן מען האָט אלע צווייגן אָפגעהאקט!... דריי זין האָב איך געהאט, און אלע דריי האָט ביי מיר דער גרויזאמער טויט ארויסגעריסן... זייער מוטער האָט מיך פארהאסט, ווייל אן אלטער געהיימניספולער פילגרים, וועלכער האָט אין א שטורמיקער נאכט פארבלאָנדזשעט אין אונזער שלאָס האָט איר געזאָגט, אז איבער מיינע זינד האָט זיך אויף אונזער הויז גאָטס צאָרן אויסגעגאָסן... פון דאמאָלס אָן וואקסט איר צארן און האס צו מיר...

— מוטער אומגליקלעכע!...

— די פרומסטע וואנדערער האָב איך אויפגעזוכט און מיינע אוצרות פאר זיי ברייט געעפנט, זיי זאָלן זי מיט גאָטס וואָרט טרייסטן: אָבער די ווערטער פון יענעם שרעקלעכן פילגרים אין קיינער נישט אימשטאנד אויסצוואָרצלען פון איר געדעכעניש... איך האָב שפיטעלער געבויט, וואו פיל ליידענדע געפינען רו און היילונג. זי אָבער, כאָטש מיט אירע אייגענע הענט בינדט זי די וואונדן פון די אומגליקלעכסטע, דאָך — צו איר אייגענער וואונד האָט זי קיין היילונג נישט געפונען... ביז — זי איז צו מיר אמאָל געקומען, נאָך בלאסער אלס יעדן טאָג, און האָט מיר געזאָגט: דו האָסט פיל פעלדער, וועלכע ס'פארזייעט נישט קיינער, דו פארמאָגסט פיל



וועלדער, אין וועלכע ס'וואוינט נישט קיינער, און באזיצט פיל שלעסער, אין וועלכע ס'לעבט נישט קיינער — — גיב דאָס אלץ אוועק יענע, וואָס האָבן גאָרנישט, און דאָס זאָל זיין אן אויסקויף פאר אונזערע, אזוי פריגעשטאָרבענע קינדער, און איך... איך האָב עס געטון... מיינע פעלדער, וועלדער און שלעסער האָב איך צעטיילט באדארפנדיקע. מיין גאָלד און שטיינער האָב איך אייער קלויסטער געשענקט, זיך האָב איך נאָר דאָס נויטיקסטע צום לעבן געלאָזט...

— אזוי שטארק ליבסטו דיין אומגליקלעכע פרוי?

— אזוי שטארק שולדיק פיל איך זיך קעגן איר.

— און דערמיט האָסטו שוין אויסגעקויפט קעגן איר דיין שולד?

— דו פרעגסט עס?... דיר איז דאָך צום בעסטן באַוואוסט. אז נאָר זינד קען מען אויסקויפן אין אָפמעקן, אָבער שולד — קיינמאָל נישט!...

— אמת... וואָס קענסטו דען איצט נאָך טון פאר איר?

— נאָר איינס איז מיר געבליבן! נאָר איינס קען איך איר געבן...

— גיב איר אוועק געשווינד, וואָס דו קענסט איר געבן!...

— איך וועל איר אוועקגעבן אונזער זון...

זי ציטערט אויף:

— אונזער זון?

— יאָ, אונזער זון!...

— דו מיינסט, אז איך... איך וועל אים אוועקגעבן איר? איר!...

— יאָ, דו וועלכע האָסט זיך פון לעבן פאר דער אייביקייט אָפגעזאָגט — וועלכע האָסט זיך פון אלעם מענטשלעכן אויסגעטון און דו האָסט זיך אינגאנצן צו דער געטלעכער איבערגעגעבן — דו וועסט איר אוועקגעבן דיין זון!

א ווײַלע שווייגן ביידע, אלץ שווייגט... דאָס די אָרגאנען-טענער זענען אפילו אנטשוויגן. — אפילו די בוימער וואגן נישט צו רוישן.

און זי ענטוועדט שטיל:

— איך וועל איר מיין זון — אוועקגעבן...

ער וויל איר האנט כאפן, קושן מיט דאנקבארקייט, אָבער זי האלט אים צוריק.

— ווארט, הער! איך וועל איר אוועקגעבן מיין זון — נאָר דאמאָלסט, ווען דו וועסט מיר צוריקגעבן מיינע האָר-לאָקן, וועלכע דו האָסט מיר אפגעשוירן יענע נאכט... מיין זון וועל איך איר אָפגעבן און די לאָקן וועל איך פארברענען — און אזוי וועט די איינציקע בריק צווישן מיין לעבן דאָרט און דאָ, זיין שוין אויף אייביק פארברענט...

— ווי דאנק איך דיר! נאָך היינט — באלד אייל איך צו זיך אהיים און איידער דריי טעג זענען פאָריבער, וועל איך דיר מיין שאַך-קאסטן ברענגען, וואו ס׳ליגט פארשלאסן דאָס טייערסטע, וואָס איך פארמאָג: די רעליקווען און צייכנס פון מיין גליקלעכן פרילינג און זומער, וועלכע זענען אזוי רייך געווען אין ליבע... דאָרט וועסטו צווישן אנדערע האָר-לאָקן, אויך דיינע געפינען...

ווידער הערשט א קורצע געשפאנטע שטילקייט, באלד ענטפערט זי אנטשלאָסן, הארט:

— ניין, פירשט! צווישן די רעליקווע און צייכנס פון דיין פרילינג און זומער, וועלכע זענען אזוי רייך געווען אין ליבע, וועל איך מיינע האָר-לאָקן שוין מער נישט דערקענען...

זי קערט זיך אָפּ פון אים און גייט מיט שנעלע טריט צו דער קירך. דער פירשט רופט נאָך פארצווייפלט:

— אָ! גיי נישט אוועק! ווער דו זאָלסט נישט זיין, דערבארם זיך אויף מיין איינזאמקייט און עלנד! אין נאמען פון דיין גרויסער ליבע, באשווער איך דיך!...

זי האָט זיך אוועקגעקערט און רופט פון דערווייטנס שארף און שטרענג:

— דעם אלערהייליקסטן נאָמען פון דער געטלעכער ליבע זאָלסטו נישט רופן אומזיסט היינט, אינם טאָג פון דיין



הערבסט! דו, וועלכער האָסט אים געלעסטערט אין דיין פרילינג און זומער...

— וועט מיר שוין קיינמאָל נישט זיין געגעבן אויסצוקויפן מיין גרויסע שולד!

— דו האָסט געזאָגט: „נאָר די זינד קען מען אויסקויפן און אָפּמעקן, אָבער די שולד — קיינמאָל נישט"!...

זי פארשווינדט צווישן די ביימער אין דער קירך פון וואנען ס׳הערט זיך ווידער דאָס פרום-טרויעריקע געזאנג פון די נאָנען... דער אָרגאן שפילט...

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — —

עס איז שוין געוואָרן גאנץ טונקל.

דער פירשט איז אליין געבליבן... א דערשראָקענער, א נידערגעשלאָגענער פרעגט ער אלץ ביי זיין צווייטן „איך":

— ווער איז זי? ווער?... ווער...

פלוצלינג דערזעט ער נישט ווייט פון זיך א זייער אלטע פרוי. אין דרייען איבער דער ערד געבויגן, שארט זי מיט ביידע הענט צוזאמען די געפאלענע בלעטער און נעמט זיי צונויף אין איר קוישל, וואָס הענגט איר ביי דער זייט. דער פירשט שטייט א ווײַלע, ווי פון אבערגלויבישן שרעק ארומגענומען... אָבער באלד באהערשט ער זיך, טרעט שנעל צו איר צו — און פרעגט:

— זאָגט מיר אלטיטשקע! איר האָט דאָך געוויס געזעען די, וועלכע איז דאָ געשטאנען... ווער איז זי?

די אלטע הויבט אפילו איר קאָפּ נישט אויף פון איר ארבעט, דער פירשט ווערט וואָס אמאָל מער אומרואיק:

— איך בעט אייך זייער! זייער!... איר קענט זי געוויס...

זי שווייגט.

— אויב אייך איז אויך נישט דערלויבט צו ריידן, דאן שווער איך אייך, אז אין דעם פאל, איז די זינד פון אייער שווייגן פיל — פיל גרעסער! נאָר איין וואָרט זאָגט מיר: איר נאָמען... איר נאָמען..

די אלטע טוט איר ארבעט און לייגט אויף אים גאָר קיין אכט.

— פארוואָס... פארוואָס ענטפערט איר מיר נישט?... פאר־וואָס קלויבט איר צונויף אזוי פלייסיק די צופוילטע בלעטער, וואָס קענען דאָך קיינעם קיין שום נוץ נישט ברענגען?... ווארפט דאָס אוועק און הערט! אלץ וואָס איז מיר נאָך פון מיין אמאָליק גרויס־רייכטום געבליבן, וועל איך אייך אוועק־שענקען, אויב איר וועט מיר זאָגן דעם נאָמען פון דער, וועלכע איז נאָר וואָס אין דער קירך פארשוואונדן.

און די אלטע טוט זיך ס׳איריקע, ווי גאָר נישט צו איר רעדט מען... דער פירשט כאפט איר אן ביים אָרעם און נעמט איר טרייסלען. שרייענדיק דערביי מיט א ווילד פארצווייפעלטן הייזעריקן שרעק:

— ווער זענט איר?! איר! איר ווער זענט?!

די אלטע ציט זיך אויס און בלייבט פאר אים שטיין אזא הויכע, סקעלעט־דארע און שווייגענדיקע.

דער פירשט דערקענט זי:

— — א—א—! דאָס איז זי דאָך!... די טויבשטומע גאָרטען־היטערין... אך! וואָסער שרעקלעכער אָוונט ס׳איז היינט!.. מיין שרעקלעכער אָוונט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דער קירך נעמען קלינגען די גלאָקן. דאָס געבעט איז געענדיקט. באלד ציען זיך פון דאָרט צוריק די נאָנען אין צוויי שורות, מיט שטילע טריט אין ריטם פון די גלאָקן: די ליכט אין זייערע הענט זענען איצט אָנגעצונדן...

דער פירשט קוקט זיך איין מיט דער גרעסטער אָנשטרענ־גונג אין יעדער נאָנע באזונדער, און ווען אלע זענען שוין דורכגעגאנגען, ברעכט ער אויס מיט א טיף אינערלעכן שמערץ:

— איך וועל זי קיינמאָל נישט דערקענען צווישן אזוי פיל שוועסטער!... גיכער וועל איך צווישן מיליאָנען שט[illegible] שטערן געפינען — אויב ער איז נאָך נישט פארל[illegible]

פירשטין

איז צוגעקומען, זעט דיינע טרערן, שטרייכט זי

דו וויינסט?! אָ! א וואונדער איז געשען! דו, דער אומגלויביקער, האָסט ענדלעך פאר גאָט געפונען טרערן!...

פירשט

ניין, דאָס האָב איך מיין זון באוויינט, וועלכער איז געשטאָרבן...

פירשטין

זיי זענען דאָך געשטאָרבן אלע דריי...

פירשט

איך האָב דעם זון באוויינט, וועלכער האָט געלעבט...

די פריאָרין

דערנענטערט זיך צו זיי

האָט איר שוין געענדיקט אייער איינזאם געבעט?

פירשט

ניין מיין געבעט הייב איך ערשט אָן...

די ביידע פרויען קוקן זיך איבער פארוואונדערט — די פירשטיין גערנישט.

די גלאָקן קלינגען...

דער פאָרהאַנג פאלט.

ענדע.

# דער פריילינג גייט!

דראמאטישער עטיוד אין איין אקט

געדרוקט צום ערשט'ן מאל יידיש אין „צוקונפט" ניו-יארק 1914
געדרוקט רוסיש (איבערזעצט פון מחבר) אין זשורנאל „סאווערע-
מעננאי זשענשטשינא" ווארשע, 1914

## פערזאנען:

**זינא**
א לערערין, 30 יאר אלט

**לילא**
איר יונגערע שוועסטער

**ראפאל**
זייער יונגערער ברודער

**שטערן**
א פריקאזטשיק

פ׳נעשעס אויף א זומער־וואוינונג, אין א פרילינגס־אוונט.

א גאסט־צימער, וואס דינט אויך צוגלייך פאר אן עס־צימער. נישט רייך, נאר ריין, ציכטיק און בכבודיק. פון מעבל און פון די געהאפטענע בילדער אויף די ווענט, ווי אויך פון אנדערע כאראקטעריסטישע איינצלהייטן איז קענטיק, אז דא וואוינען נישט קיין מאנסבילן.

אין שטוב איז א העלע קיצער נישטא.

I

זינא

קומט אריין פון קיך, טראגנדיק אייניקע גלעזער מיט טעצלעך. נאך איר גייט ראפאל מיט א זידיקן סאמאוואר.

באלד, האלט נאך א ווײלע... איך וועל עפעס אונטערשטעלן, זאלסט מיר נישט איינשמירן דאס טישטוך.

זי טוט עס.

אט איצט קענסטו שוין אוועקשטעלן דעם סאמאוואר.

ראפאל

שוין אוועקגעשטעלט און איך בין שוין נישטא!

וויל. כאפן זיין ראק, וועלכער ליגט אין א זייט אויף א שטול און איז שוין גרייט צו לויפן.

זינא

נעמט בצלאסן ביי אים אוועק דעם ראק

האסט א טעות, ביזסט נאך דא...

ראפאל

אז איך זאג אויף מיין ערנווארט, אז איך בין נישט דא —

ווייס איך דאָך בעסער... גיב אהער! איך מוז לויפן, מען ווארט אויף מיר.

וויל בײַ איר צונעמען דעם ראָק.

זינא

וועט זי אביסל צוווארטן. איך דארף דיך דאָ האָבן.

ראפאל

נאָך וואָס?! וואָס איז עס היינט פאר א יום-טוב. שטערן קומט דאָך יעדן אָוונט...

זינא

שש... ער וועט דערהערן...

ווײַזט צו דער טיר

ראפאל

אויף מיין ערנוואָרט, דאָס איז פראָסט א רציחה! ווייל דאָרט זיצט זיך א פרעמדער מאן מיט מיין שוועסטער, זאָל דערפאר מיין אייגענע סאָניעטשקע מוזן ווארטן אויף מיר אפשר שוין צען מינוט!

זינא

נו, נו, סאָניעטשקע איז נאָך דערווייל נישט דיין „אייגענע”, אָבער הער שטערן – המ... קען זיין... אפשר היינט, מאָרגן..

ראפאל

אין גאַנצן געענדערט

אזוי?! טאקע!... הייסט עס – לילא און שטערן? וועל איך שוין באלד האָבן א שוואָגער?! אוי, זינא! זינאטשקע!.

הילט זי ארומכאַפּן

זינא

העלט זיך. פארנומען מיט אויסלייגן קאָנפיטורן אויף טעצעלעך

לאָז אָפּ! וועסט מיר נאָך עפעס צוברעכן.

ראפאל

נו, אזוי איז שוין עפעס אנדערש... וועט שוין סאָניעטשקע מוזן אביסל צוווארטן. איז וואָס נאָך דארפסטו זאָל איך טון?



זינא

גיב א לויף און ברענג מיר ווארשטלעך מיט אויפשניט.

ראפאל

איך לויף!

לויפט

זינא

ווארט!

ראפאל

איך ווארט...

זינא

נעם א שיסעלע פון קיך און ברענג אויך א ביסל זויער-קרויט. הער שטערן האָט ליב ווארשטלעך מיט זויערקרויט.

ראפאל

יאָ, איך ווייס! באלד וועט עס אלץ זיין אויפן טיש!

אָב אין קיך.

## II

### זינא

גיסט אָן טיי אין דריי גלעזער, צושטעלט זיי, לייגט אוועק בײַ זיי סערוועטלעך, שטעלט אוועק קאָנפיטור, טיי-געבעקס. קענטיק אז זי טוט די אַרבעט כמעט מיט א מוטערלעך געפיל. דערנאָך גייט זי שטיל צום טיר, קלאַפּט אָן שטיל, און נישט באַקומענדיק קיין ענטפער, עפנט זי די טיר און וויל אַרײַנגיין, אָבער באַלד אויף דער שוועל, בלייבט זי ווי פארשטיינערט. קענטיק, אז זי האָט דאָרט עטוואָס שרעקלעכעס דערזען... פון דער טיף פון צימער הערט זיך באַלד לילא'ס דערשראָקענער פארשעמטער אויסגעשריי... זינא שפרינגט צוריק אָפּ, פארקלאַפּט פאַר זיך די טיר און באהאלטנדיק דאָס פנים אין ביידע הענט, פאַלט זי אויף דעם נאָענסטן שטול.

אך, אך... לילא! זי... ער... לילא... מיין לילא... בײַ מיר אין שטוב... אך... אך...

זי בלייבט אזוי א לענגערע ווײַלע. גלײַך ווי א שווערער שטיין האָלט פאַלנדיק פון דער |הויך אויף איר קאָפּ, זי אינגאַנצן פארטויבט.

III

## ראפאל

קומט פון קיך מיט א שיסל.

**ראפאל**

שוין! אפילו אליין אויסגעוואשן די שיסל. פאר אַ שוואָ-גער איז גאָרנישט צו שווער...

באמערקט איר צושטאנד

וואָס איז דיר, זינא?!

**זינא**

באהערשט זיך

גאָרנישט... גאָרנישט... וואָס האָסטו געזאָגט?

**ראפאל**

דער קאָפּ טוט דיר וויי?

**זינא**

יאָ... ס'הייסט ניין — אביסל...

**ראפאל**

האָסט באדארפט איצט גיין אויף דער לופט שפאצירן, וואָלט דיר דער קאָפּ נישט וויי געטון. נאָר איך ווייס — האָסט מורא איבערצולאָזן לילא מיט שטערן אליין...

**זינא**

עט, וואָס דו פלאפלסט דאָרט... דארפסט זיך שעמען אזוי צו רעדן וועגן א שוועסטער... קום, וועל איך נאָך דיר פארשפאַרן די טיר.

אָפּ אין קיך

**ראפאל**

גייט איר נאָך

איך מיין נישט חלילה, דאָס וואָס דו מיינסט... איך מיין נאָר... איך מיין גאָרנישט...

אָפּ.

IV

## לילא און שטערן

קומען ארויס פון איר צימער. ביידע זעען זיי שטארק פארשעמט, נישט אויפצוהויבן די אויגן... נאָר ווען זיי באמערקן, אז זינא



איז נישטאָ, ווערן זיי מיט א מאָל דרייסטער, קוקן זיך איבער מיט א פיל באדייטנדיקן שמייכל.

**שטערן**

דאָס הייסט: „פארשאָטן"...

היל ארויסשיסן מיט א געלעכטער.

**לילא**

ש-ש-ש... נישטאָ וואָס צו לאכן... דארפסט זיך שעמען!..

**שטערן**

גערעכט... אָט גיי איך שוין און נעם זיך שעמען...

**לילא**

מיר איז די זאך גוואלדיק אומאנגענעם!...

**שטערן**

האָסטו מורא, אז זינא וועט דיך אָפּשמייסן! כי, כי, כי...

**לילא**

ש-ש!... אָט גייט זי... האלט זיך כאָטש מענטשלעך...

V

## זינא

קומט פון קיך, באמערקנדיק די ביידע, בלייבט זי שטיין אויפן אָרט, גלייך ווי זי וואָלט עס דאָ באדארפט זיך שעמען... מיט אראָפּגעלאָזענע אויגן גייט זי צו צום טיש, זעצט זיך אוועק אויף איר פלאץ אוןווארט. פויזע

**לילא**

רופט זיך אָן די ערשטע מיט א געמאכטער דרייסטקייט.

הער שטערן, איר וועט טרינקען טיי? דאכט זיך, אז אייער טיי איז שוין אינגאנצן קאלט געוואָרן... קומט אהער צום טיש.

**זינא**

כאפט מאשינאל, גיסט אָן א צווייטע גלאָז טיי און שטעלט עס אוועק פאר שטערנען, וועלכער איז צוגעגאנגען צום טיש.

אפילו נאָך ווארעם, נאָר איר האָט דאָך ליב גאנץ הייסע טיי...

שטערן

א דאנק...

פרינקט.

לילא

פריי.

פאר מיר איז מיין טיי גענוג ווארעם... איך האָב פיינט, אז טיי בריט די צונג.

שטערן

זאָגט דעם אמת, אז איר האָט מורא דערפאר, וואָס מענטשן זאָגן, אז הייסע טיי שאדט דער שיינקייט פון געזיכט...

לילא

איר האלט מיך פאר מער באנאל, ווי איך בין...

שטערן

אנטשולדיקט, פריילין לילא, איך האלט אייך גאָרנישט פאר באנאל. פארקערט, איר ווייסט עס גוט, אז איך האלט אייך פאר א זייער פאָרטגעשריטענע, דרייסטע און פרייע פרוי — כ'מיין פריילין!...

לילא

צילאכט זיך

כא-כא-כא!... איר מיינט, אז מיך באליידיקט דער נאָמען „פרוי"?

שטערן

פארענטפערט זיך

ניין, גאָט באהיט...

לילא

פרוי – פריילין... היינטיקע צייטן איז עס אלץ איינס!... אָן אונטערשיד...

זינא

וואָס רעדסטו, לילאָ?

לילא

פארדאָן.



זינא

באמיט זיך נישט ארויסצוווייזן איר אויפרעגונג

דו ווייסט דאָך ווי איך לייד, ווען דו נעמסט אזוי ריידן...

לילא

געמאכט

אנטשולדיק...

זינא

דו ווייסט, וויפיל געזונט עס קאָסט מיך צו הערן אזעלכעס פון דיר...

לילא

איך וועל שוין נישט מער...

זינא

פארשטייט, אז לילאס אנטשולדיקונג איז נישט מער ווי א חוזק.

אך, לילא, לילא...

מער געפינט זי נישט קיין ווערטער און זי הערט אנטשוויגן.

לענגערע פויזע.

שטערן

דער אָוונט היינט איז אזא שיינער.. פויגעלעך זינגען, ס'שמעקט די אקאציע, צום שכור ווערן... אלץ ערוואכט צום לעבן, צו ליבע... פרילינג! געבענשטער פרילינג!...

לילא

איר פאָעטיזירט, ווי א פראָפעסיאָנעלער פאָעט.

שטערן

איר האָט אויך זייער נישט ליב די גראָע פראזע פון אלטעגליכן לעבן. נישט מער איר סטארעט זיך אלץ אויסצולאכן. אזא מאניערע איז ביי אייך... איר זענט א... א...

לילא

א וואָס מיינט איר, זאָגט ארויס, שעמט זיך נישט...

שטערן

א – היינטיקע...

לילא

צעלאכט זיך אויפ'ן קול, לאנג. פריי, אריבערבויגנדיק זיך מיטן שטול, כמעט צו פאלן.

ינא

לילא, וואָס איז מיט דיר? פארוואָס לאכסטו אזוי, לילא!
וועסט אומקערן דעם שטול! לילא, וועסט פאלן!...

כאפט אונטער דעם שטול.

שטערן

שפרינגט=אויף

איר וועט זיך צושעדיקן!...

ראפֿאל

ברענגט די וואורשטלעך מיט זויערקרויט.

ראפאל

אָט זענען די וואורשטלעך!

לילא

שפרינגט=אויף

בראוואָ ראפאל! גאָט אליין האָט דיך פון הימל אַראָפּ-
געוואָרפן מיט די וואורשטלעך! הער שטערן איז
הונגעריק.

שטערן

איך האָב דען געזאָגט?...

לילא

איר דארפט נישט זאָגן: איך פיל עס...

ראפאל

די וואורשטלעך זענען הייסע און דיקע, ווי דער הער
שטערן האָט ליב...

לילא

א ליגן, ראפאל! הער שטערן האָט ליב נאָר פּאָעזיע...

ראפאל

יאָ... אָבער דיקע, הייסע וואורשטלעך מיט זויערקרויט
האָט ער אויך ליב...

לילא

שיסט ווידער אויס מיט א געלעכטער

כא, כא, כא! הער שטערן האָט ליב וואורשטלעך מיט
פּאָעזיע און זויערקרויט!...

ענדיקט

לילא



איז זויערקרויט... אָבער דאָס אלץ צוזאמען איז נישט
וויכטיק. וויכטיק איז דאָס, וואָס דיין מיידל וואַרט שוין
דאָרט אויף דיר...

ראפאל

ערנוואָרט — געטראָפן! פון וואנען ווייסטו?...

לילא

דיין פנים האָט דאָס מיר אויסגעזאָגט...

ראפאל

יאָ... איר וועט דאָך מיר אנטשולדיקן, הער שטערן?...
איך וואָלט אפילו היינט געוואָלט זיין דאָ מיט אייך...
דוקא היינט... ערנוואָרט...

לילא

וואָס דארפסטו זיך דאָ אנטשולדיקן! לויף צו דיין מיידל;
עס איז דאָך עפּעס היינט פרילינג, ברודער! אלץ ער-
וואכט צום לעבן, צו ליבע! א נו ברודער, מארש צו
דער ליבע!

שטופּט אים ארויס

זינא

שמייכלט צו שפערענען

וואָס זי רעגירט עס היינט אויס א וועלט...

לילא

נו, און איצט צו די וואורשטלעך!

נעמט ארום זינא'ן און שטערנע'ן און זינגט די מארסעליעזע:

„אלאן לעז-אנפאן דע לא פאטריע..."

שטערן

באפרייט זיך

איך דאנק, איך וויל נישט עסן.

לילא

פארוואָס? פלוצלינג... פון דער העלער הויט...

זינא

הער שטערן האָט זיך געוויס אויף דיר באליידיקט.

לילא

וואָס דיר קען איינפאלן. ס'הויבט זיך אפילו נישט אָן.

**שטערן**

ווער זאָגט עס. איך באַליידיקט אויף פריילין לילאז פאַר־קערט. איך האָב זייער ליב, ווען זי איז אזוי פריילעך. ביי אונז אין געשעפט איז אייביק אזוי לאנגווייליק, טרויעריק, איבערהויפט די לעצטע צייטן, ווען ס׳גייט נישט אוועק דער טאָג אָן א באנקראָט. דער באַלעבאָס גייט ארום אן אָנגעבלאָזענער, קיין קונה זעט מען נישט אויף א רפואה, ס׳לעבן ווערט אזש פארמיאוסט!... איז ווען ס׳קומט ביינאכט, ס׳געשעפט ווערט פארמאכט, מען ווערט פטור פון דעם באַלעבאָס מיט זיין זויערער מינע און מען גיט זיך א כאפ אריין אין וואגאָן צו פאָרן צו אייך אויפן זומער־וואוינונג, איז טאקע.,. פילט מען זיך טאקע גאָר אן אנדער מענטש... פונדעסטוועגן דארף מען שוין גיין...

חיל זיך געזעגענען

**זינא**

פארוואָס־זשע ווילט איר אוועקגיין?

**לילא**

פרעג נישט, זינא. מען דארף נישט פרעגן. ער וויל גיין טאָ זאָל ער זיך גיין...

**זינא**

אָבער פארוואָס?

**לילא**

וואָס גייט עס דיך אָן. אפשר פילט זיך הער שטערן איצט נישט גוט מיט אונז. אפשר וויל ער בלייבן אליין מיט זיך, מיט זיינע געדאנקען. הער שטערן איז אַ פרייער מענטש און קאָן טון, וואָס אים געפעלט.

**זינא**

אין פארלעגנהייט

יאָ. א פרייער מענטש... ווער זאָגט דען אנדערש... אָבער דאָך...

**לילא**

וואָס דאָך?



**זינא**

פראַפלאָזנדיק די אויגן

איך מיין, אז נאָכדעם וואָס דאָ איז געשען...

**לילא**

וואָס געשען? וואו געשען?

**זינא**

נאָך שטילער

אָט... כ׳מיין... וואָס דאָרט...

**לילא**

ווער? ווען? וואָס רעדסטו עפעס?

**זינא**

אָט איצט... דאָרט...

**לילא**

איך פארשטיי נישט... איך ווייס נישט, וואָס אייגנטלעך ווילסטו?...

**זינא**

אָבער ער פארשטייט עס... ער פארשטייט עס שוין גוט...

**שטערן**

מיך מיינט איר?

**זינא**

איר וועט דאָך נישט לייקענען, נאָכדעם וואָס איך האָב אליין געזען, מיט מיינע אייגענע אויגן... בעסער וואָלט איך עס נישט דערלעבט צו זען!... בעסער וואָלט איך פריער...

זי ווישט די טרערן

איידער...

**שטערן**

פריילין זינא. צום בעסטן וועט זיין, אז מיר וועלן דער־פון גאָרנישט ריידן... א גוטע נאכט.

דערלאנגט איר די האַנט

**זינא**

קוקט אויף אים מיט דער גרעסטער פארוואונדערונג, נישט גע־בנדיק איר האַנט

ווי הייסט... נאָכדעם וואָס איז דאָרט געשען... נאָכדעם וואָס איר האָט זיך דערלויבט... איר קאָנט דאָך דאָס מיר נישט אָפלייקענען אין די אויגן. איך האָב דאָך געזען... נאָך דעם אלעם גייט איר זיך גאָר אוועק ווי קיינמאָל גאָרנישט...

**לילא**

וואָס ווילסטו, זינא? וואָס האָסטו זיך היינט צוגעטשעפּעט צום הער שטערן?

**זינא**

צוגעטשעפּעט זאָגסטו?... דו זאָגסט עס!... לילא!... נו, זאָגט שוין איר אליין, הער שטערן... רופט איר זיך אָן...

**שטערן**

אז איך ווייס נישט וואָס... וואָס אייגנטלעך איר ווילט פון מיר?

**זינא**

איר ווייסט נישט... איך האָב אייך געהאלטן פאר אזא אָרענטלעכן מענטש, פאר אזא פיינעם מאן – און צום סוף... אך גאָט מיינער!... זאָגזשע שוין דו אליין, לילא!

**לילא**

איך האָב נישט וואָס צו זאָגן און פארדריי מיר נישט דעם קאָפּ...

**זינא**

פארוואס לייקנסטו, לילא?... ווי קאָנסטו עס לייקענען, ווען איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען!

**לילא**

*דרייסט*

איך לייקן גאָרנישט! האָסטו געזען, איז פארפאלן!...

**זינא**

*צו שטערן*

נו זעט איר שוין... און איר האָט געוואָלט זיך אזוי אוועקגיין, גלייך ווי קיינמאָל גאָרנישט...



**שטערן**

איר מיינט דען, פריילין זינא, אז איצט האָב איך שוין מער נישט קיין רעכט פון דאנען אוועקצוגיין... ס׳הייסט, דייטליך גערעדט, וואָס פארלאנגט איר דען פון מיר נאָכדעם, ווי אייער שוועסטער האָט זיך מודה געווען? דאָס האָט אייגנטלעך געדארפט פארבלייבן בלויז אונזער סוד... אזוי האָבן מיר, הייסט עס – מיט אייער שוועסטער באשלאָסן.

**זינא**

איר האָט באשלאָסן? ווי, הייסט עס, איר האָט באשלאָסן... און די וועלט? וואָס וועט די וועלט זאָגן?

**שטערן**

אך, די וועלט... לאָזט די וועלט צורו, און זאָל זי אייך צורו לאָזן... ס׳איז צייט – דאכט זיך, איר זאָלט שוין וויסן, אז די פראגע איז שוין צו אלט, פארשימלט און גענוג לעכערלעך... די וועלט... די וועלט... העז!

**זינא**

נו, און איר אליין?... און זי?... איך קוק אויף דיר, לילא, און איך דערקען דיך נישט!... איך האָב דיך אלע מאָל געהאלטן פאר אזא... פאר אזא ריינע...

**לילא**

*שטאָלץ*

איך בעט דיך, זינא, זאָלסט זיך רעכנען מיט די ווער־טער. דו האָסט קיין רעכט נישט מיך צו באליידיקן...

**שטערן**

איך מיין אויך, אז דאָס דארפט איר נישט טון. לילא בלייבט ערלעך און ריין, ווי זי איז ביז איצט געווען...

**זינא**

*מיט א שטראַל פון פרייד*

הייסט עס, אז איר האָט מיט איר חתונה?...

**לילא**

*נערוועז*

איך בעט דיך, זינא, מיש דיך נישט אריין אין אונזער

לעבן... וואָלסט פיל בעסער געטון, ווען דו רעדסט גאָרנישט וועגן דעם אַלעמען...

זינא

אום גאָטעס ווילן... איך מוז דאָך! איך בין דאָך דיין עלטערע שוועסטער. אויף מיינע הענט ביזטו אויסגע-וואקסן: איך בין דאָך אין דיין לעבן געווען כמעט דאָס זעלבע, וואָס א מאמע... האָב איך דען איצט, אין אזא מאָמענט... האָב איך דען ס׳רעכט, מעג איך דען אין דער מינוט, ווען ס׳וויגט זיך דער גורל פון דיין גאנץ לעבן, בלייבן גלייכגילטיק?... הער שטערן, איך האָב אלע מאָל געגלויבט אין אייער ערלעכקייט, אין אייער אָרנטלעכקייט. איר שטאמט דאָך פון אזא פיי-נער פאמיליע... שוין באלד א האלב יאָר, ווי איר גייט צו אונז אריין... איך האָב דאָך געזען, אז דאָ קומט עפּעס פאָר, נאָר איך בין געווען זיכער, אז דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש... און איך האָב געוואַרט, אז אָט-אָט... יעדן טאָג בין איך געווען זיכער, אָט קומט איר און רעדט וועגן אייער חתונה מיט לילא... נו, האָט איר ביז איצט געצעגערט... נו, האָב איך זיך נישט דערוואַרט... אָבער איצט ווערט איר דאָך שוין די זאך אויף ווייטער נישט אָפּלייגן... איר זענט דאָך א פיינער מאן... איר זענט דאָך א פאראנטוואָרטלעכער מענטש... איצט קאָן עס דאָך שוין אזוי לענגער נישט דויערן.. דאָס פארשטייט איר דאָך אליין... איר זענט דאָך פון אזא אָרנטלעכער פאמיליע — נישט אבי ווער פון גאס!..׳ נו, פארוואָס ענטפערט איר נישט. הער שטערן? פארוואָס זאָגט איר נישט אייער וואָרט?... איר זענט דאָך אן אָרנטלעכער מענטש... נו, זאָגט-זשע שוין אייער וואָרט...

פּויזע

שטערן

רעדט צו זינא, קוקנדיק אויף לילאָן

באמת, פריילין זינא — איר שטעלט מיך אין א פארלע-



גנהייט... פריילין לילא ווייסט אלץ, מיר האָבן וועגן דער פראגע נישט איינמאָל גערעדט...

זינא

ווידער מיט א שטראַל פון פרייד

האָט איר יאָ וועגן דעם גערעדט?!

שטערן

יאָ, אָבער, ס׳הייסט, אנדערש... מיר האָבן די פראגע באהאנדלט פּרינציפּיעל... מיינט נישט, אז מיר זענען לייכטזיניקע קינדער, אָדער גלאט אזוי ניין, אויב איר האָט אזוי געמיינט האָט איר א טעות געהאט, גאָר א שטארקן טעות...

זינא

גאָט זיי דאנק!...

שטערן

איר זאָגט חתונה האָבן... יאָ, איך זאָג נישט, אז איך בין פּרינציפּיעל א קעגנער פון חתונה. פארקערט, חתונה דאָס איז נישט—קיין שפּילעכל... דאָס איז נישט קיין קינדער-שפּרונג... דאָס איז די ערנסטעסטע טאט אין מענטשנס לעבן... א קליינינקייט! ס׳איז דאָך אויפן גאנצן לעבן... מיר האָבן וועגן דעם נישט איינמאָל מיט פריי-לין לילא גערעדט — און פריילין לילא פארשטייט עס אויך, אַז... נו, זאָל זי עס אויך אליין זאָגן. זי וועט עס בעסער איבערגעבן... א שוועסטער מיט א שוועסטער ריידן זיך גיכער צוזאמען אין אזעלכע פאלן. זיי פאר-שטייען זיך בעסער... נו, זאָגט עס אליין, לילא.

לילא

נערוועז

איך האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגן! איבריקנס, דארפסטו עס, זינא, אליין פארשטיין... וואָס, א קינד ביזטו?...

זינא

אז איך פארשטיי אָבער דאָך נישט, וואָס איך דארף דאָ פארשטיין!...

**שטערן**

פאַר פרײַלין לילאַ איז שווער צו ריידן מיט אייך וועגן דעם אין מיין געגנוואַרט... נו, דאָס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך. וועל איך טאַקע איצט אוועקגיין דאָס וועט זיין דאָס בעסטע.

*קוקט אויפן זייגער*

שוין באַלד צען! איך וועל קוים באַווייזן צום לעצטן צוג, וואָס גייט אָפּ אין שטאָט אַריין. אַדיע...

**לילא**

*דערלאַנגט אים די האַנט*

אַדיע, מאָרגן וועלן מיר זיך דאָך זען?...

**שטערן**

ס'הייסט... איר מיינט...

**לילא**

וואָס איז דען דאָ צו מיינען... מאָרגן קומט צו אונז צו פאָרן, ווי יעדן אָוונט...

**שטערן**

אויב איר מיינט אַזוי איז... גוט! וועל איך קומען... אַדיע.

*

# VI

**זינא**

*שטויננט*

און דו האָסט אים געלאָזט אַזוי אוועקגיין?!

**לילא**

וואָס דען? כ'האָב געדאַרפט אים מיט געוואַלט פאַרהאַלטן? אַך, זינא, דו ביזט אַזאַ קלוגע, און דאָך רעדסטו ווי אַ קינד.

**זינא**

איך, אַ קינד? איבעריקנס... אפשר... זאָל שוין זיין אַזוי. איך פאַרשטיי באמת נישט, וואָס דאָ טוט זיך. נו... זאָג זשע דו מיר, זאָג מיר אַלץ... איך בין דאָך כמעט



אַ מאַמע דיר געוועזן!... נו, רעד איצט צו מיר, ווי צו אַ מאַמע!...

**לילא**

ניין! נאָר נישט ווי צו אַ מאַמע. איך וויל נישט. ווי צו אַ פריינדין וועל איך צו דיר ריידן, ווי צו אַ שוועסטער...

**זינא**

זאָל זיין. נאָר זאָג מיר אַלץ אָפן... אָ, אַ קאַלטער שווייס האָט מיר אַזש באַגאָסן!...

*זי ווישט דעם שטערן*

**לילא**

נאָר באַרויִק זיך. הער מיך אויס רויִק...

*זיי זעצן זיך אַוועק אויף אַ דיוואַן*

**זינא**

איך בין שוין רויִק, נו, זאָג... נו, רייד שוין... ווי האָסטו עס געקענט זיך אַזוי פאַרגעסן?... געוואַלט — דו, דו... ניין! איך וועל עס נישט איבערטראָגן... מיין לילאַ!... מיין לילאַ!...

*זי וויינט*

**לילא**

*הערצלעך*

זינאַ... זינעטשקע טייערע... באַרויִק זיך. איך ווייס, אַז דו ווילסט נאָר מיין גליק... איך ווייס, אַז דו ביזט מיין בעסטער, מיין נאָענטסטער פריינט... איך ווייס עס גוט. און דערפאַר בעט איך דיך — פאַרשטיי מיך. סטאַרע זיך מיך פאַרשטיין...

**זינא**

וואָס זאָל איך דאָ פאַרשטיין? זאָג מיר!

**לילא**

פאַרשטיי, אַז איך האָב פולע רעכט צו לעבן נאָך מיין פאַרשטאַנד נאָך. איך בין דאָך שוין נישט קיין קינד. פאַר מיינע טאַטן בין איך אַליין פאַראַנטוואָרטלעך, און נאָר פאַר זיך אַליין...

זינא

זאָל זיין אזוי. אָבער פארוואָס האָסטו עס געטון? פאר־וואָס?!

לילא

ווייל... איך וויל לעבן! איך וויל זיין פריי!...

זינא

וואָס הייסט ביי דיר — פריי?...

לילא

פריי ווי דער מאן! וואָס ס׳איז דערלויבט יעדן הער שטערן, דאָס איז אויך מיר דערלויבט. איך בין נישט ערגער פון זיי, און איך וויל אין דער הינזיכט אויך נישט זיין בעסער פון זיי!

זינא

ווי פארווירט

לילא! לילא! דאָס זאָגסטו?!... הייסט עס — אויב איך האָב אייך ביידע פארשטאנען — איז דאָס אלץ ביי אייך גע־ווען נישט מער ווי א שפילעכל!... גאָט מיין איינציקער! הייסט עס, אז איר האלט גאָרנישט ביי חתונה האָבן?! געוואלד!... איך וועל דאָ פון זינען אראָפּ!...

לילא

בארואיק זיך נאָר, און לאָמיר ריידן ווי מענטשן...

זינא

שלאָגט איר איבער

איך וויל נאָר איינס וויסן: צי האָט שטערן מיט דיר חתונה צי נישט? דאָס זאָג מיר נאָר!...

לילא

פארוואָס פרעגסטו נישט, זינא, צי וועל איך מיט אים חתונה האָבן?...

זינא

קוקט אויף איר שטאר

וואָס? דו ווילסט נישט?!...

לילא

ניין, איך וויל נישט!...



זינא

נאָך דעם אלעמען קענסט דו נאָך נישט וועלן!... פאר־וואָס־זשע איז דאָס דאָרט געשען, אויב דו ווילסט אים נישט?!

לילא

אָבער פארשטיי דאָך, זינא, אז דערמיט וואָס צווישן אונז איז געשען זענען נאָך נישט אויסגעגליכט געוואָרן אלע אונטערשידן, וואָס עקזיסטירן צווישן אונז ביידע... יע־דער מאן וועט דיר זאָגן, אז א פרוי אויף א ווײַלע, איך מיין — א פרוי פאר א צייטווייליק פארגעניגן, אָדער ליי־דנשאפט, און א פרוי אויפן גאנצן לעבן, ס׳הייסט א ווייב, א פריינט, א לעבנס־באגלייטער, אן איינציקער חבר, דאָס איז נישט איינס און דאָסזעלבע... אמת, מיר געפעלט שטערן... זיין מענערישע קראפט האָט מיך באזיגט. איך האָב זיך אונטערגעגעבן זיין יונגער, געזונטער ליי־דנשאפט, ווייל איך בין אליין אויך יונג, געזונט און ליידנשאפטלעך... אָבער מיין איינציקער לעבנס־פריינט, מיין איינציקער הערשער, מיין מאן און געליבטער אויפן גאנצן לעבן — דאָס קאָן אזא הער שטערן קיינמאָל נישט זיין! אויף דעם זענען מיר צו ווייט, איינס פון אנדערן צו פארשידן... צו פרעמד... און...

זינא

אויסער זיך

געטוג! איך דארף נישט מער!... אך, ס׳איז דאָך מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן!... וואָס איז פון דיר פלוצלינג געוואָרן? איך האָב דאָך פון דיר קיינמאָל אזעלכע ווערטער נישט געהערט!... איך דערקען דיך נישט!... גלייך ווי דו וואָלסט גאָרנישט געווען מיין שוועסטער...

לילא

וויל זי בארואיקן

אבער פאר וואָס זאָלסטו אזוי איבערטרייבן, זינא? בארו־

איך זיך נאָר און נעם די זאך אויפ'ן רואיקן פארשטאנד, ווערסטו דאן אלץ גאָר אנדערש זען... גלויב מיר, זינא, די פאָרשטעלונגען, וועלכע דו האָסט וועגן מאראל, האָבן גאָרנישט צו טון מיט מיין טאט, איך מיין – מיט דעם, וואָס איז געשען צווישן מיר און שטערן... איבערהויפּט, די גאנצע געשיכטע ווייזט זיך דיר נאָר אויס שרעקלעך דערפאר, ווייל דיינע איבערצייגונגען זענען פארבליבן פאר די היינטיקע צייטן, פאר די באדינגונגען פון היינטיקן לעבן צו קאָנסערוואטיוו...

זינא

איך ווייס, דו רעדסט מיר אויס מיינע צוויי און דרייסיק יאָר... אָבער דאָס מאכט מיר נישט אויס. פארקערט: איך בין שטאָלץ אויף מיינע – ווי דו רופסט זיי אָן – קאָנסערוואטיווע איבערצייגונגען, וועלכע האָבן מיך געפירט דערצו, אז איך האָב פארטריבן פון זיך מיין געליבטן חתן נאָר דערפאר, ווייל ער האָט געוואגט זיין פרעך און וואולגאר מיט מיר... אפשר האָט ער מיך ליב געהאט... איך אים האָב זיכער געליבט, ער איז דאָך געווען דער ערשטער מאן, וועלכן איך האָב אוועקגעשענקט מיין הארץ און מיינע געפילן... אָבער אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך דערלויבט גרינגשעצן מיין ערע, מיין מיידלשע ריינקייט, דאָס טייערסטע, דאָס שטאָלצעסטע, וואָס איך האָב געהאט אין מיין לעבן, אין דעם מאָמענט איז ער מיר געוואָרן פרעמד און פיינטלעך! צוועלף יאָר איז שוין פאראיבער פון יענעם אָוונט, און נאָך קאָן איך וועגן אים נישט דענקען אָן פארדרוס, אָן האס! יאָ, איך האס אים נאָך ביזן היינטיקן טאג; אפשר היינט נאך מער, אלס דעמאלט! ווייל ער האט מיר מיין גאנץ לעבן אויף אייביק צושטערט!

לילא

דו האסט עס דיר אליין צושטערט!... נאר דו אליין ביזט דערין שולדיק!...



זינא

(שטאָלץ)

אויב אומשולד איז שולד, בין איך שולדיק! און איך וויל אויף מיין גאנץ לעבן שולדיק פארבלייבן!...

לילא

דו האָסט ליידער, א ביטערן טעות, זינא. דאס, וואָס דו רופסט „אומשולד“, דאָס איז נישט מער, ווי דער שקלאַפישער אינסטינקט, וועלכן דער מאן האט אין דער פרוי איינגעפלאנצט פאר טויזנטער יאָרן! נישט פאר זיך פייניקסט דו דיין לייב, נישט פאר זיך האסטו זיך ענטזאגט פון די הייליקע רעכט פון דיין יוגנט, פון דיין געשלעכט, פון דיין טעמפעראמענט, נאָר פאר אים! פאר דעם איינעם, וועלכער דארף קומען און דיר קויפן לויט אלע פאָרמאליטעטן פון דער הערשענדער אָרדנונג, אויף פאפיר, מיט חתימות, מיט עדות, אלס א נייע זאך, נישט באנוצט פון קיינעם פאר אים! אָרימע זינא! דו האָסט זיך גאָר פארקויפט דעם האר, נישט קענענדיק אים! נישט וויסנדיק, צי ער וועט גאָר ווערט זיין, דו זאָלסט פאר אים אזא גרויסן קרבן ברענגען. צי וועט ער אימשטאנד זיין דאָס געהעריק צו שעצן.., דו האָסט זיך פאַרקויפט דעם האר, וואָס וועט אפשר קיינמאָל נישט באוויליקן קומען דיך קויפן, ווייל דו האָסט אויף אים שוין צו לאנג געווארט... ער האָט זיך פארשפעטיקט און דו ווערסט דערפאר גרויזאם באשטראָפט! אפשר קען ער דיך, און לאכט דיך אויס נאָר דערפאר ווייל דו ביזט אזוי איינגעשפארט ריין... אפשר מאכט ער גאָר חוזק פון דיינע איבעריקע מיידלשע יאָרן, פון דיין טריי זיין, ווארטן, און ליידן...

זינא

זאָל זיין אזוי! אויב דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז אפילו אמת, ארט עס מיך אויך נישט.

לילא

דאָס איז א ליגן דו לייקנסט פאר זיך אליין... חי דאָס ארט דיך! ווי דאָס טוט דיר ווײ!...

זינא

איך שווער דיר ביי אלעס הייליקן, אז דאָס וואָס איך זאָג, דאָס פיל איך איצט! ווייל נישט אים, דעם אומבאקאנטן, בין איך טריי געבליבן, נאָר זיך זעלבסט...

לילא

נו, ביזסטו א העלדין. דו האָסט אָבער נישט קיין רעכט צו פאָדערן, אז אלע זאָלן זיין העלדן... איבעריקנס – אויב דו מיט דיין האנדלונג ביזט טריי זיך זעלבסט, דיין נאטור און דיין טעמפעראמענט, בין איך אויך מיט מיין האנדלונג זיך אין גאנצן טריי... מאָרגן ווער איך צוואנציק יאָר אלט – ווייל איך נישט פארטרייבן פון זיך מיין יוגנט, ווי דו האָסט עס געטון! ביים אָפענעם פענסטער ענטפלעק איך מיינע ברוסטן צום פרילינג און אָטעם איין אין זיך זיין שכור'ע ליידנשאפט! יאָ! איך וויל זיין שכור! איך וויל זיך אין גאנצן איבערענטפערן דער פרייד פון לעבן! איר אלע לעבט און ליבט אין איין שרעק און ציטערניש... איך אָבער שרעק זיך נישט פאר קיינעם!

זינא

אויסער זיך

אויב דו שרעקסט זיך נישט פאר קיינעם, ביזסטו נישט מיין שוועסטער, און איך וויל מער מיט דיר אפילו נישט וואוינען צוזאמען! איך וויל נישט טראָגן אויף זיך א טייל פון דיין שאַנד!...

לילא

זינא!...

זינא

פאַרלאָז מיין שטוב! איך וויל קיין אומצוכט אין מיין שטוב קיין איין מינוט נישט ליידן!



לילא

גוט... זאָל זיין... וועלן מיר זיך מאָרגן צוגיין...

זינא

ניין! נאָך היינט! באלד, די מינוט, זאָלסטו מיין שטוב פארלאָזן!

לילא

לאָזט אראָפ דעם קאָפ און גייט אהעק אין איר צימער.

## VII

## זינא

גייט צו צום פענסטער, שפארט אָן דעם קאָפ אָן פענסטער-ראַם, אָטעמט שווער שפאצירענדע מיידלעך זינגען אונטער'ן פענסטער *).

דער פרילינג גייט! פון נאָענט-ווייט,
פון וואלד און בארג לאָזט ער זיך הערן...
דער פרילינג גייט. איך, רוף אים גערן:
קום פרילינג, קום! ברענג אונז דיין פרייד,
קום פרילינג, קום! ברענג אונז דיין פרייד...

זינא

פארקלאפט דאָס פענסטער דאָס געזאנג הערט זיך ווייטער, וואָס א מאָל שוואכער, ביז עס ווערט אינגאנצן שטום.

## VIII

## לילא

קומט פון איר צימער אנגעטון, רופט שטיל.

זינא!...

זינא

פארבלייבט אויף דעם זעלבן אָרט, רירט זיך נישט. פויזע.

לילא

זינא. איך גיי אוועק.

פויזע

ווילסט זיך מיט מיר אפילו נישט זעגענען?

*) לויט דער מעלאָדיע פון רוסישן ליד „וועסנא אידיאָט".

וינא

ענטפערט נישט.

לילא

איך נעם גאָרנישט מיט זיך. אויב דו וועסט מיך מאָרגן נישט זוכן. וועל איך איבערמאָרגן שיקן נאָך מיינע זאַכן...

זינא

מאָרגן קענסטו נאָך דיינע זאכן שיקן...

לילא

אָרעמע שוועסטער!... איך בין נישט בייז אויף דיר, ווייל איך ווייס ווי אומגליקלעך דו ביזט. איך פיל עס בעסער פון דיר... דיין הארץ איז געוואָרן הארט פון ליידן און פון קאמף, דיין נשמה איז דיר פארגליווערט ווי אייז פון איינזאמקייט, ווייסט אליין נישט וויפיל טרויער עס ערווארטעט דיך נאָך אין לעבן... זיי געזונט, ליבע שוועסטער, איך האָב דיך ליב און דערפאר טוט מיר זייער, זייער לייד אויף דיר און אויף דיין פאר-שפילטן לעבן...

זי גייט צו דער טיר, סטאַרענדיק זיך איינהאַלטן די טרערן, אָבער אויף דער שוועל ברעכט זי דאָך ארויס מיט א הייס גע-וויין — און אויסשטרעקנדיק די הענט צו דער שוועסטער, שלוכצעט זי:

זינא!... זינא!... שוועסטער מיינע!...

זינא

בלייבט אויף איר פריערדיקן פלאץ, בעהענגלאָז.

לילא

באהערשט זיך

זיי געזונט!

שנעל אָב.

## IX

זינא

קוקט שטאר אויף דער טיר. באלד הערט זיך פון קיך א קלאפ מיט דער טיר, דעמאָלט הויל זי לויפן מיט אויסגעשטרעקטע



הענט, צ־ריקרופן די שוועסטער. אָבער מאַלענדיק קוים צוויי טריט, האלט זי זיך באלד סטאָליץ ציריק, בלייבט שטיין אין מיטן שטוב און ווישט-דעם קאלטן שווייס פון שטערן. דערנאָך גייט זי צו צום טיש און פארלעשט דעם לאָמפ. פון פענסטער שיינט אריין א העלע לבנה, און איר שיין גייט זי צו צום פענסטער און עפנט עס. א גרופע יונגע לייט, מיידלעך און בחורים, שטיפן און לאכן גאָר נאָנט פון פענסטער, נאָר מען זעט זיי נישט. א יונגע שטימע זינגט:

אלץ לעבט און בליט, דער פויגל שפילט,
דער פרילינג וועט אים שוין דערנערן...
דער פרילינג גייט, איך רוף אים גערן,
ער קומט אין בלומען איינגעהילט — — —
ער קומט אין בלומען איינגעהילט.
געבענשט זאָלסטו זיין, דו פרילינג מיין!
מיין ליבער וועט זיך היינט אומקערן!...
דער פרילינג גייט, איך רוף אים גערן,
געענדיקט האָט זיך היינט מיין פיין...

ראפאל

קומט צו צום פענסטער פון דרויסן.

זינא, דו קענסט פארשליסן די טיר. מיר וועלן נאָך מיט סאָניטשקען לאַנג שפאצירן. די נאכט איז אזא שיינע, אזא שמעקענדיקע... איך וועל פארמאכן די לאָדן וועסטו זיך קענען רואיק לייגן שלאָפן...

ער פארקלאַפט די לאָדנס. אין שטוב ווערט מיט אמאָל שטאָרק-פינסטער... דאָס געזאנג הערט זיך, ווי פארשטיקט, ביז עס דער-ווייטערט זיך...

וינא

בלייבט שטיין ביים פענסטער קוים צו באמערקן אין דער פינ-סטערניש, נאָר וואָס ס'הערט זיך איר שלוכצן, פון אָנפאנג שטיל, דערנאָך, העכער, ביז זי ברעכט ארויס מיט א פערצווייפלט הויך געוויין.

לעבן!... לעבן!... לעבן!...

פאָרהאַנג

# ווען דער טייוול לאכט

שפּאַס אין איין אַקט

## פּערזאָנען:

ער
א דראַמאַטורג

זי
זיין ווייב

דער איינאקטער איז געשפּילט געוואָרן אין לאָס-אנדזשעלאָס, אין טעאטער „קאָנסערוואַטאָריום" (אין 1922), אונטער דער לייטונג און אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון מחבר.
אויף שפּאניש געדרוקט אין וואָכנשריפט „Izrael", 1923.

ס׳געשעט אין זיין ארבעטס-צימער

**ער**

קומט פון א צווייטן צימער, גייט צום טעלעפאָן וואָס קלינגט

האַלאָ! יאָ. ווער רעדט?—פריער מוז איך וויסן, ווער ס׳רעדט... הם... אַלזאָ—אין וואָס האַנדלט זיך עס?

א לענגערע פויזע. קענטיק ער הערט עפּעס שרעקלעכעס

מאַדאַם! איך מוז אייך איבעררייסן... ניין! רעדט נישט מער! איר זאָגט מיר באַלד אייער נאָמען, אָדער איך הענג אויף דאָס טעלעפאָן-רערל—איר קענט נישט? נו— הערט-זשע מיין ענטפער: איך האָב אין מיין לעבן באַקומען גענוג אַנאָנימע בריוו; אָבער יעדעס מאָל האָב איך זיי—נישט לייענענדיק—געוואָרפן אין פייער-מיך וואָלט זייער געפרייט, ווען איך קען איצט אויך אייך וואַרפן אין פייער צוזאַמען מיט אייער אויסגעטראַכטן, אומפאַרשעמטן אַנאָנים... קען איך עס לײדער נישט—לאָזט מיך אויסריידן, מאַדאַם... דאָס איינציקע, וואָס איך קאָן איצט יאָ טון איז-פאַרזיכערן אייך, אַז אייער רכילות האָט גאָרנישט דערגרייכט... איך ליב מיין פרוי ווי פריער און-איך גלויב איר ווי פריער! אַדיע!

ער הענגט-אויף דאָס טעלעפאָן-רערל, בלייבט דאָך שטיין ביים טעלעפאָן זייער אויפגערעגט, באַלד אָבער באַהערשט ער זיך. מיט גרויס אָנשטרענגונג גייט ער צו דער טיר, עפנט זי און פרעגט אהין אריין

וואָס טוסטו איצט, מערי?—דו גייסט אַוועק?

**זי**

קומט אָנגעטון צום שפּאַציר, זייער עלעגאַנט: דעם אויבערמאַנטל האַלט זי נאָך אין האַנט

יאָ, מיין ליבער. איך גיי... כ׳האָב צוגעזאָגט צו זיין היינט ביי אַדעלאַ.

ער

ווען? ס׳הייסט, אין וועלכער שעה דאַרפסטו דאָרט זיין?

זי

פיר אַ זייגער, פאַרוואָס פרעגסטו דען?

ער

גלאַט אַזוי... פיר? דאַכט זיך—נישט קיין פּאַסיקע צייט...

זי

פאַרוואָס?

ער

ווייל... פינף אַ זייגער קומט דאָך איר מאַן אויף מיטאָג.

זי

וועלן מיר טאַקע עסן אַלע דריי צוזאַמען.

זי נעמט אָנטון דעם אויבערמאַנטל

ער

ווערסטו—הייסט עס—נישט זיין אין דער היים צו מיטאָג אויך?

זי

ניין. פאַרוואָס העלפסטו מיר נישט אָנטון?

ער

אַנטשולדיק.

העלפט איר

זי

ביסט עפּעס—דאַכט זיך, צעטראָגן?

ער

דו האָסט ווידער באַנוצט די פּערפום, וועלכע איך האָב אַזוי פיינט...

זי

אָ? יאָ... איך וויל שוין אַמאָל אויסנוצן דאָס פלעשל ביז׳ן סוף—און פטור ווערן פון די פּערפום, וועלכע דו האָסט אַזוי פיינט.



ער

בעסער אַרויסגיסן!

זי

וואָס רעדסטו? פּערפום אַרויסגיסן?! דאָס איז שוין צו פאַרשווענדעריש! און נאָך אַלץ זאָגט מען, אַז די פרוי איז די פאַרשווענדערין, נישט—דער מאַן... א פרוי וועט קיינמאָל נישט איינפאַלן אויסצוגיסן פּערפום...

זי נעמט אָנטון די הענטשקעס

ער

האָסט זיך היינט אויסגעפוצט...

זי

דאָס וואונדערט דיך אויך?

ער

ווייל דו גייסט דאָך צו אַזא אינטימער פריינדין ווי אדעלא...

זי

מעג איך—מיינסטו—אריבערלויפן צו איר איבער דער גאנצער שטאָט אין שטעקשיך?

ער

וואַרפט אומווילנדיק אַ בליק אויף אירע פיס, באַמערקט

איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אז דו האָסט געקויפט נייע שיך...

זי

נייע שיך און נייע זיידענע זאָקן... ווי געפעלן זיי דיר?

ווייזט קאָקעטיש

דאָס איז נאָך נישט אלץ, איך האָב נאָך אנדערע שיינע זאכן היינט איינגעקויפט, אָבער מער קען איך דיר איצט נישט ווייזן... אן אנדערש מאָל! אדיע, מיין ליבער.

גיט אירע ליפן צום קושן

ער

וואַרט. דו גייסט נאָך נישט...

זי

פאַרוואָס?

ער

אויב דו ביסט פארבעטן צום מיטאָג האָסטו נאָך צייט
א גאנצע שעה.

זי

האָב איך דאָך דיר געזאָגט, אז איך האָב צוגעזאָגט צו
זיין פיר א זייגער.

ער

ווערסטו זיין פינף א זייגער.

זי

פארוואָס?!

ער

ווייל... איך דארף דיך איצט נייטיק האָבן.

זי

נייטיק? צו וואָס?

ער

איך וויל זיך מיט דיר בּאראטן. איך וויל וויסן דיין
מיינונג וועגן מיין נייער דראמע.

זי

ווידער וועגן דיין דראמע „ווען גאָט וויינט״?

ער

ניין. עס האנדלט זיך וועגן א ניי ווערק, וואָס איך וועל
אפשר אָנרופן „ווען דער טייוול לאכט!...״

זי

אָ! א שיינער נאָמען: „ווען דער טייוול לאכט״... ער
געפעלט מיר בעסער פון נאָמען: „ווען גאָט וויינט״...

ער

ווייל דו ביסט א פרוי...

זי

א דאנק...

ער

דארפסט זיך נישט באליידיקן, איך וויל עס טאקע באווייזן
אין מיין דראמע, אז די פרוי...



זי

*פארשטעלט אים דאָס מויל מיט דער האַנט*

שפּעטער. כ'האָב נישט קיין צייט איצט צו הערן

*ווייזט אויפן זייגער*

פינף מינוט צו פיר:

ער

כ'האָב דאָך דיר געזאָגט. איך וויל נישט, אז דו זאָלסט
איצט גיין...

זי

אָבער...

ער

דו ווייסט, ווי איך האָב ליב דיר צו דערציילן מיין
יעדע נייע טעמע.

זי

*שנעל*

איך האָב זיי אויך זייער ליב צו הערן... אָבער —
נישט איצט...

ער

ווען דו לויבסט מיין נייעם געדאנק, גיט עס מיר צו
גלויבן און באגייסטערונג. מיין פעדער באקומט פליגל...

זי

נו, זאָג איך דיר! שוין דער נאָמען אליין: „ווען דער
טייוול לאכט״ געפעלט מיר זייער! זעץ זיך אוועק און
שרייב! ווען איך וועל צוריקקומען ביינאכט, וועסטו מיר
איבערליינען.

ער

ערשט ביינאכט וועסטו צוריקקומען?!

זי

איך מיין אזוי – א זייגער אכט, ניין... אויף ווידערזען!

*גייט שנעל*

ער

מערי! בלייב.

זי

איך הייב שוין באמת אָן מיינען, אז מיט דיר איז עפּעס געשען... ביזט אזוי אויפגערעגט... גאָט מיינער! אפשר ביזסטו קראנק?!

לויפט צו, כאפּט זיין קאָפּ אין אירע הענט.

ניין, קיין היץ האָסטו נישט... וואָס-זשע דען? גלאט א קאפּריז? ווייסטו דאָך, אז דאָס האָב איך פיינט... דיין ווילן איז ביי מיר אלע מאָל היילִיק! אָבער דיין קאפּריז — ווייסטו — גיב איך קיינמאָל נישט נאָך...

ער

דאָס וואָס עס טויג דיר, רופסטו אָן „ווילן", און וואָס עס טויג דיר נישט, גיסטו א נאָמען „קאפּריז", און מאכסט זיך פריי דערפון... אלזאָ, מיין ווילן איז: דו זאָלסט איצט בלייבן מיט מיר!

זי

דו באפעלסט מיר?

ער

ניין... ווען איך וואָלט דיר באַפוילן, וואָלסטו עס דאָך אָנגערופן — „קאפּריז", איך — בעט דיך...

זי

בעט איך דיך, דו זאָלסט מיך נישט בעטן... איך מוז גיין.

ער

דו מוזט?!

זי

איך מוז, ווייל — איך האָב צוגעזאָגט.

ער

וועסטו אָפּרופן דורכן טעלעפאָן און זאָגן, אז דו וועסט פארשפּעטיקן.

זי

ווייסטו דאָך, אז אדעלא האָט נישט קיין טעלעפאָן.

ער

זי האָט נישט קיין טעלעפאָן!... אהא-איצט פארשטיי איך!..



זי

וואָס פארשטייסטו?

ער

מיין דראמע הייבט מיר אָן צו ווערן קלאָר...

זי

געלויבט איז גאָט...

ער

און דער טייוול לאכט...

זי

לאכט.

ער

און דו לאכסט אויך...

זי

ווייל דו ביסט לעכערלעך...

ער

באלײדיקט

לעכערלעך? דאָס האָסטו קיינמאָל נישט געזאָגט!

זי

פארלירט זיך

אנטשולדיק, כ'האָב זיך ארויסגעכאפּט.

ער

דו האָסט זיך ארויסגעגעבן!

זי

גאָט מיינער! ס'איז דאָך היינט פון דיר נישט אויסצוהאלטן! אזעלכן האָב איך דיך נאָך קיינמאָל נישט געזען... און דאָס אלץ צוליב אזא קלייניקייט? נו, גוט, ווילסט — וועל איך בלייבן...

טוט זיך אויס

ער

דערפרייט

דו בלייבסט?

זי

אָבער נישט אויף לאנג... אינגאנצן נאָכגעבן וועל איך

דיר דאָך נישט... אלע זאָגן אזוי אויך, אז איך גיב
דיר צופיל נאָך.

**ער**

ניין, נישט אויף לאנג. שפּעטער קענסטו גיין. וואוהין דו ווילסט; אבי נישט איצט. איצט ביזסטו מיין.

**זי**

איך בין דאָך אלע מאָל דיין...

**ער**

יאָ, אָבער איצט ביזסטו עס מער ווי אלע מאָל... איך פיל זיך איצט אזוי גליקלעך, ווי איך האָב זיך קיינמאָל ביז איצט נישט געפילט...

דער טעלעפאָן קלינגט

**זי**

שפּרינגט-אויף

דאָס איז געוויס צו מיר

**ער**

פארשטעלט איר, ווי אַמהילנדיק דעם וועג צום טעלעפאָן קוקט איר אין די אויגן

דו האָסט דען געווארט אויף א טעלעפאָן

**זי**

יאָ.

**ער**

געווארט און געוואָלט אנטלויפן?...

**זי**

דאָס מוז געוויס זיין אדעלא, זי קען זיך שוין אויף מיר נישט דערווארטן...

**ער**

האָסטו דאָך געזאָגט, אז אדעלא האָט נישט קיין טעלע-פאָן...

**זי**

עפּעס טשעפּעסטו זיך היינט צו יעדן וואָרט...

זי כאפּט דאָס טעלעפאָן-רערל

האלאָ! יאָ. וועמען?

אנטוישט



דאָס איז גאָר צו דיר. א פרוי

**ער**

נעמט דאָס רערל פרעגט

האלאָ, ווער רעדט?

הערט א ווײַלע אין—ווארפט באלד צוריק מיט כעס דאָס רערל אויפן אפּאראט, אָפּטרעטנדיק אן אויפגערעגטער

**זי**

פארוואונדערט

פארוואָס האָסטו איר גאָרנישט געענטפערט?

**ער**

דאָס קען איך דיר נישט זאָגן.

**זי**

ווער איז דאָס געווען?

**ער**

דאָס קען איך דיר אויך נישט זאָגן...

**זי**

א פרוי...

**ער**

ביסטו אייפערזיכטיק?

**זי**

אָ, ניין! דו ווייסט, אז אייפערזיכטיק בין איך קיינמאָל נישט געוועזן.

**ער**

דאָס קען אפשר זיין א באווייז, אז דו האָסט מיך קיינ-מאָל אויף אן אמת נישט געליבט; ווייל אייפערזוכט איז א לייבלעכע שוועסטער פון ליבע.

**זי**

ס'הייבט זיך נישט אָן. אייפערזוכט איז דער ליבעס שטיפמאמע. ליבע איז צו אַלעם ערשטן גלויבן. קען מען דען ליב האָבן גאָט, ווען מען גלויבט נישט אין אים?

**ער**

דאָס איז א שיינער פאראדאָקס! איך וועל אים אויסנוצן

אין מיין נייער דראמע. ערלויבסט?

וי

פון מיינעטוועגן... אבי לאָז מיך שוין אמאָל פריי...

ער

קוקט אויפן זייגער

ערשט צען מינוט נאָך פיר.

זי

שוין צען מינוט.

ער

...נאָך פיר. איך וועל דיך שוין לאנג נישט פארהאלטן. אין א פאָר ווערטער וועל איך דיר דערציילן דעם געדאנק פון מיין נייער דראמע.

זי

איך הער דיך מיט דער גאַנצער אויפמערקזאמקייט!

זי כאפט ארויס נערוועז פון איר רעדיקול א שפיגעלע און נעמט זיך ציפודערן

ער

איך וועל דיך מאכן אויפמערקזאם, מערי, אז מיין דראמע איז איצט פיל וויכטיקער פון... דיין שפיגעלע.

זי

דאָס טרייבסטו שוין א ביסל איבער, מיין ליבער, פאר דער פרוי קען גאָר נישט זיין קיין גרעסערע דראמע פון–איר שפיגל... אָבער רייד, איך הער.

זי באהאלט דאָס שפיגעלע

ער

פארוויכערט לאנגזאם זיין פייף

ער ליבט זי און–גלויבט איר.

זי

פיין...

ער

ניין. ער וויל איר גלויבן!

זי

דאָס איך דאָך אלץ איינס.



ער

מיט זיין גאנץ הארץ, מיט זיין גאנצער נשמה וויל ער איר גלויבן, אָבער–ער קען נישט!

זי

פארוואָס קען ער נישט?

ער

ווי לאנג ער האָט געקענט, האָט ער געגלויבט, און איז געווען אזוי גליקלעך! דער גלויבן איז געווען זיין לעבן, זיין באגייסטערונג, זיין–אלץ...

זי

נו... נו...

ער

אָבער פאר א געוויסער צייט איז געשען אזעלכעס, וואָס האָט אונטערגעגראָבן די וואָרצלען פון זיין גלויבן...

זי

וואָס איז געשען אזעלכעס?

ער

דאָס אייגנטלעך איז אין מיין דראמע א פראגע-צייכן... ער האָט נישט קיין פאקטן. ס'הייסט ער פילט, אז די פאקטן זענען פאראנען, אָבער ער קען זיי נישט באקומען... פארשטייסט?–וואָלטן די פאקטן געווען זעבארע, קאָנקרעטע, איז דעמאָלסט—איינס און צוויי און—די דראמע איז געענדיקט!

זי

אלזאָ—הייסט עס–ער איז זי חושד? איינער פון טויזנט אייפערזיכטיקע מענער... דאָס איז דיין נייער געדאנק?

ער

ביז איצט איז עס נאָך נישט ניי, איך ווייס; דאָס נייע הייבט זיך ערשט אָן.

זי

הייבט זיך ערשט אָן!...

וויל כאפן איר מאנטל

ער

אָבער באַלד וועל איך ענדיקן, באַרויִק זיך.

זי

נו, נו...

ער

איינמאָל באַקומט ער אַן אַנאָנימען בריוו.

זי

אַן אַנאָנימען בריוו?... דאָס איז שוין דאָס נייע?

ער

אפשר בעסער, אַן אַנאָנימען טעלעפאָן?

זי

זיכער בעסער. אָ! ווייסטו גאָר וואָס?—א ראַדיאָ-טעלעפאָן וואָלט געווען נאָך אָריגינעלער! קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט באַנוצט דעם ראַדיאָ פאַר אַנאָנימע אינטריגעס!

ער

אמת. און דערפאַר טאַקע וואָלט דאָס געווען שוין צו ניי, שוין באַלד—סענסאַציאָנעל...

זי

נו, בלייבן מיר ביים טעלעפאָן. איך שפאַר זיך נישט מיט דיר. ווייטער?

ער

עמעצער גיט אים צו וויסן, אַז זיין געליבטע ווייב, וועלכע ער גלויבט נאָך אַלץ מיטן גאַנצן כּוח פון זיין בענקעניש נאָך ליבע און גליק..! זיין געליבטע ווייב — האָט היינט, אין דער אין דער שעה, אויף דעם און דעם אָרט — אַ ראַנדעוואו מיט איר געליבטן.

זי

ציטערט אויף, אָבער באַהערשט זיך באַלד.

דאָס... הייבט שוין באמת אָן צו ווערן אינטערעסאַנט!...

ער

אמת?



זי

אָבער וועלכער פאַרשטענדיקער מאַן, דערצו נאָך אַזעלכער, וואָס ליבט זיין ווייב, וועט זיך רעכענען מיט אַנאָנימע אויסוואורפן?

ער

גערעכט! האָט ער טאַקע דעם דאָזיקן אויסוואורף געענטפערט ביים טעלעפאָן: אייער אַנאָנים האָט גאָרנישט דערגרייכט! איך ליב מיין ווייב ווי פריער! און גלויב איר ווי פריער! און ער האָט אויפגעהאַנגען דאָס טעלעפאָן-רערל.

זי

זייער פיין געטאָן: דערמיט ענדיקט זיך דיין דראַמע?

ווייל נעמען איר מאַנטל

ער

דערמיט וואָלט זיך עס געענדיקט, ווען נישט...

זי

ווען נישט וואָס?

ער

פונקט אין דער זעלבער צייט, וואָס דער אַנאָנים האָט אָנגעגעבן, אין דער זעלבער שעה, פונקט צו דער מינוט— קלויבט זיך דאָס ווייב אַוועקצוגיין—וואוהין? לאָמיר זאָגן—אויף אַ שפּאַציר?... ניין!—צו איר פאַמיליע... אָדער גאָר—צו איר פריינדין!

זי

צו איר פריינדין?!

ער

שלאָג מיר איצט נישט איבער! דער מאָמענט איז זייער אַן ערנסטער! אָט, דאָ קומט דער פּלאָנטער! הם... ער גלויבט איר, ווייל—נו, ווייל ער ליבט זי! אָבער דאָך— איר האַנדלען אין דער לעצטער צייט... פיל קליינע, קליינינקע צייכנס, וועלכע צווינגען אים צו טראַכטן טעג און נעכט, אַז—זי ליבט אים נישט מער! אַז ס'קען

זיין — זי ליבט אן אנדערן... און איצט — דער דאָזיקער אנאָנימער בריוו...

זי

דער אנאָנימער טעלעפאָן מיינסטו?...

ער

יאָ... דער אנאָנימער טעלעפאָן... און — איר ארויסגיין פון שטוב פונקט אין דער צייט, וואָס יענער אויסוואורף האָט אָנגעגעבן... צו דער מינוט!

זי

דאָס איז נישט קיין באווייז! דאָס קען דאָך זיין נישט מער ווי א צופאַל...

ער

יאָ... ביזסט זייער גערעכט! ס'קען זיין... דערפאר בעט ער, זי זאָל איצט נישט... זאָל זי אים נישט איבער-לאָזן מיט דעם שרעקלעכן געדאנק, אז אפשר דאָך... אז...

זי.

האָסט דאָך אליין אין דיין לעצטער דראמע געזאָגט אָט די ווערטער: ווען די, וואָס ליבן זיך הערן זיך אויף צו גלויבן, דעמאָלסט ווײנט גאָט אליין!

ער.

אָבער ווען דער, וואָס ליבט און גלויבט ווערט אָפגע-נארט, דעמאָלסט לאכט דער טייוול!

זי.

זאָל בעסער דער טייוול לאכן, איידער גאָט זאָל וויינען!

ער.

דו מיינסט — בעסער גלויבן די שולדיקע, איידער נישט גלויבן די אומשולדיקע?

זי.

דאס טאקע מיין איך!

ער.

ווען זיין הארץ ווערט אָבער דאָך צעריסן פון שרעק-לעכן צווייפל? ווען ער וויל גלויבן, נאָר ער קען נישט



לענגער... ווי דארף זי. דעמאָלסט האנדלען לויט דיין מיינונג?

זי

זי? דארף אים ארומנעמען אָט אזוי... ווייזן אים אירע אויגן פול מיט ליבע — און פרעגן: — קען איך דיר זיין אומטריי? קען איך דיך פארטוישן?!... דו ליבער, טייערער — נארעלע... נו, נאָך טיפער קוק אריין אין מיין הארץ דורך מיינע אויגן — זעסטו דאָרט עפעס אנדערש אויסער ליבע אָן א ברעג?... אָט, אזוי דארף זי האנדלען! און ער דארף זי לאָזן גיין, וואוהין זי וויל!

נעמט זיך אָנטון

ער

ניין! זי טאָר נישט גיין אין אזא מאָמענט!

זי

איך בין איבערצייגט פארקערט: זי טאָר נישט בלייבן! זי מוז אים לערנען איר גלויבן, גלויבן פאר יעדן פרייז!

ער

זאָל זי אים לערנען אויף אן אנדער וועג, אין אן אנ-דער צייט; היינט בעט ער זיך ביי איר — בלייב! פאר יעדן פרייז בלייב!

זי

ניין! ניין! זי דארף עס נישט טון! זי טאָר נישט בלייבן!

ער

...און ווען זיין בעטן העלפט נישט, רוקט ער ארויס דעם שופלאָד פון זיין שרייב-טיש, באקומט א רעוואָל-ווער (סוט עס) און זאָגט איר אנטשלאָסן: איצט בין איך זיכער, אז דו גייסט זען דיין געליבטן!... אָבער דאָס וועט נישט געשען! די טיר איז פארשלאָסן... און אויב דו וועסט מאכן א געוואלד, און — אָט, זעסט — דאָ איז פאראנען איין קויל פאר דיר און — די צווייטע פאר מיר...

זי

דו ביסט פון זינען אראָפ?!

אויף טויט דערשראָקן, לויפט זי צו צו דער טיר און נעמט קלאפּן
אין איר, שרייענדיק היסטעריש

עפן די טיר! עפן! עפן! קוק נישט אַזוי אויף מיר! איך האָב גאָרנישט געטאָן... כ'האָב נישט קיין געליבטן! גלויב מיר.. .דו מוזט מיר גלויבן!... לייג אַוועק דעם רעוואָלווער! איך בין אומשולדיק! איך שווער דיר! איך שווער דיר...

זי פאַלט אויף דער קני וויינענדיק.

ער

מערי! — וואָס איז מיט דיר! פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן?

זי

דער רעוואָלווער! דער רעוואָלווער!

ער

דער רעוואָלווער איז נישט אָנגעלאָדן, נאַ זע...

ציט דאָס צינגל עטלעכע מאָל; ביי יעדן מאָל צאַפּלט זי אויף.
צום סוף באַרויִקט זי זיך אַ ביסל.

זי

פאַרוואָס האָסטו פאַרשלאָסן די טיר?

ער

די טיר איז נישט פאַרשלאָסן... עפנט זי ברייט דו קענסט גיין!

זי

קוקט אויף אים אַ וויילע, וויל עפּעס זאָגן

אָבער...

ער

שווייג... מער גאָרנישט... קיין איין וואָרט... איך — גלויב דיר דאָך...

זי

דו מוזט מיר גלויבן! דו מוזט!

לויפט ארויס פאַרקלאַפּנדיק די טיר.

ער

און איצט ווער קען מיר זאָגן — צי ווייַנט גאָט, אָדער — דער טייוול לאַכט?...

פאָרהאַנג.



# פאַר קליינע קינדערלעך

I. דעם זיידנס מתנה.
II. די מכשפה.

# דעם זיידנס מתנה

א קאמעדיע אין איין אקט צו שפילן פאר
יידישע קינדערלעך

„דעם זיידס מתנה" איז געווען געדרוקט צום ערשטן מאָל אין „קינדער-זשורנאַל" אַרויסגעגעבן פֿון די שלום-עליכם פֿאָלקס-שולן, ניו-יאָרק 1921.

געשפּילט צום ערשטן מאָל אין ניו-יאָרק אין איטאַליענישן טעאַטער אויף דער באָוערי — 1922.

## פּערזאָנען:

זיסקינד, 11 יאָר

משהלע, 10 יאָר

חיימל, 8 יאָר

רהלע, 7 יאָר
זייער יינגסטע שוועסטערל

סענדער, 11 יאָר
אַ שכנס אַ יינגל

א קינדער-צימער אין א פארמעגלעך יידיש הויז, צווישן די פענסטער א עטאזשערקע מיט ביכער, העפטן און קינדער-שפילכלאך. אין דער טיף צווי פענסטער מיט שיינע פאָרהענגלעך. רעכטס ביי דער וואנט 2 קינדער-בעטלעך. לינקס א נישט גרויסע שראנק און א טיר. אין מיטן שטייט א טיש מיט שטולן. אויף די ווענט הענגען מאפעס און א גרויסער פאָרטרעט פון א שיינעם אלטן ייד. אויפן טיש ברענט א לאָמפ. משהלע און רחלע זיצן ביים טיש, פארנומען מיט קלעפן א הויז פון פאפיר און טעקטור.

משה

עס טויג נישט ווי די מאכסט. אזוי וועט זיין בעסער.
קלעפט דעם דאך.

רחל

אזוי טויג עס ערשט טאקע צו גאָרנישט. דער דאך קען איינפאלן און וועט חלילה דער׳הרג׳ענען אלע קינדער.

משה

דו האסט דען קינדער? דאָס הויז איז דאָך ליידיק, קיינער איז נישטאָ אינעווייניק.

רחל

היינט איז טאקע קיינער נישטאָ, אָבער מאָרגן קענען דאָך זיין 6 קינדערלאך אן עין-הרע...

משה

פון וואנעט וועסטו נעמען קינדערלאך, אז ס׳איז נישטאָ קיין טאטע-מאמע?

רחל

א טאטע מיט א מאמע? או-ווא... אָט כאפ איך שוין די

שער און צייט צוויי מינוט וועט זיין פארטיק א טאטע מיט א מאמע...

זי נעמט אויסשניידן פון פאפיר די פיגורן

כא... כא... כא... אוי!

מ ש ה

א שיין פנים וועלן האָבן דיין טאטע-מאמע, אז דו וועסט זיי מאכן אין 2 מינוט.

## ח י י מ ל

לויפט אריין א דערשראָקענער, א פארסאָפּעטער, קוים וואָס ער קען דעם אָטעם כאַפּן:

אוי, גיכער! פארמאכט די טיר! די פענסטער פארמאכט! אוי, אוי! גיכער! גיכער!—

מ ש ה און ר ח ל

שפרינגען־אויף פון זייערע ערטער:

וואָס איז געשען! וואָס, וואָס איז?

ח י י ם

א נישט-גוטער!

ער באהאלט זיך אין א ווינקל.

ר ח ל

וואו? וואו?

פון גרויס שרעק קריכט זי ארונטער אונטערן טיש.

ח י י ם

דאָרט! דרויסן שטייט ער,ביים פלויט. אזא לאנגער! אזא ווייסער! ווי א מת! אוי, גיכער לאָמיר זיך באהאלטן!...

ר ח ל

קוויטשעט אונטער'ן טיש:

אוי, איך האָב מורא!

מ ש ה

שריי נישט אזוי, נארישע קאץ! סאיז דאָך קיינער נישטאָ!...

ח י י ם

איך האָב אליין געזען!... א נישט-גוטער... א נישט-גוטער! א נישט-גוטער...

ר ח ל

שטיל

איך האָב מורא! איך האָב מורא!



מ ש ה

א נישט-גוטער ביסטו אליין, חיימל!

ח י י ם

איך בין א נישט-גוטער?... ניין... ניין...

מ ש ה

אוודאי. וואָס דען. א גוטער ביסטו? ווען דו וואָלסט געווען א גוטער, וואָלסטו דאָך נישט איבערגעשראָקן דיין קליין שוועסטערל. זע, ווי זי ציטערט נעבאך.

ח י י ם

אז איך האָב אליין געזען, איך שווער ביי די ציצית. איך מיט זיסקינדן זענען מיר צוזאמען געגאנגען אהער פון מוזיק-לערער, גייען מיר אזוי אריין פון דער טעפער-גאס אין קליינעם געסל, פארן גאָרטן פא־ביי, און איך זע, פון דער וויטנס, פון סויבן אבאילעס פוסט הייזל ביים פעלד גייט ארויס א מענטש אינגאנצן אָנגעטאָן אין ווייסן — און אזא לאנגער, אזא הויכער, העכער פון אבאילעס הויז... עס איז נאָך געווען גוט ליכטיק און איך האָב נאָך געזען.

ר ח ל

האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון אונטערן טיש און איינגע-הערט זיך צום ברודערס דערציילונג, שעפטשענדיק שטיל

אוי, א נישט-גוטער...

מ ש ה

נו, און וואָס איז ווייטער געשען?

ח י י ם

האָב איך באלד אָנגעהויבן צו לויפן... און בין זיך געלאָפן... און געהאלטן די פידל פעסט, און דער נישט-גוטער לויפט מיר נאָך... און ווי איך בין שוין אריינ-געלאָפן אין הויז, האָב איך דערשפירט, ווי איינער טוט מיר א ריס ארויס מיין פידעלע פון אונטערן אָרעם... אוי, מיין פידעלע, דער טאטע און די מאמע וועלן שרייען. דעם זיידנס פידעלע...

ר ח ל

אונטערן טיש

אוי, א נישט-גוטער, א שד...

מ ש ה

שפרינגט-אויף.

האָסטו זיך הייסט עס געלאָזן אוועקנעמען דאָס פידעלע, וואָס דער זיידע האָט געשאָנקען א מתנה?!...

ח י י ם

איך בין קוים אנטלאָפן פון נישט-גוטן, ער האָט מיך געוואָלט דערהרגענען...

מ ש ה

מיט כעס. מעשה דערוואקסענער.

האָסטו נישט דאָס פידעלע? דעם זיידנס מתנה? אוי, אוי, דו צוקראָכענער!...

ח י י ם

צעוויינט זיך:

איך האָב נישט אוועקגעגעבן, ער האָט ביי מיר ארויסגעריסן דעם זיידנס פידעלע!

מ ש ה:

ווער האָט עס ביי דיר ארויסגעריסן?

ח י י ם:

איך זאָג דאָך דיר, דער שד, דער נישטגוטער!

ז י ס ק י נ ד

קומט אריין אויף די לעצטע ווערטער, טראגנדיק א פידעלע פארפאקט אין טוכענעם פוטע־ל:

נישט קיין נישט-גוטער, נאָר א טשוואָק, האָט עס דיר ארויסגעריסן. אָט האָסטו דיין פידעלע צוריק! בעע!..

ח י י ם

בלייבט צוערשט שטיין פארשעמט, דערנאך לויפט ער צו און כאפט מיט פרייד דאָס פידעלע פון ברודערס האנט

אָ! מיין פידעלע! מיין פידעלע! פון וואנען האָסטו עס באקומען?



ז י ס ק י נ ד:

אויפ'ן טשוואָק פון פאַרקאן איז עס געהאָנגען... ווען דו ביסט אזוי אנטלאָפן פאַרן „נישט-גוטן" בין איך דיר נאָכגעלאָפן און דיר נאָכגעשריגן, אז דער ווייסער, דער לאנגער, וואָס איז ארויסגעגאנגען פון אבאָילעס הויז, איז דאָך גאָר פישל דער בעקער, וואָס ברענגט אַהער זעמל יעדן טאָג, און דו האָסט געהאַלטן אין איין אנטלויפן פארן שד... כא-כא-כא!

ר ח ל

שטעקט ארויס מער דעם קאָפּ פון אונטערן טיש.

א ל ע

אויסער חיימל:

כא-כא-כא!...

ז י ס ק י נ ד

דערציילט ווייטער:

און ווי איך לויף אזוי דערנאָך און קום צו צום פאַרקאן, זע איך דאָס פידעלע הענגט אויף אַ טשוואָק... דו האָסט אודאי געמוזט פארטשעפּן דעם פוטערל אן טשוואָק, און מיינענדיק פון שרעק אז דער „נישט-גוטער" רייסט ביי דיר דאָס פידעלע פון דער האנט, האָסטו עס געלאָזן הענגען, און אליין אנטלאָפן...

מ ש ה

שיסט! אויס אין א געלעכטער:

כא-כא-כא! אָט דער טשוואָק איז דאָס געווען דער נישט-גוטער! כא-כא-כא!...

ר ח ל

קריכט ארויס פון אונטערן טיש:

אזוי גאָר? אַ טשוואָק?

מ ש ה

האלט אין איין לאכן:

פאר פישל דעם בעקער האָט ער זיך אזוי דערשראָקן... כא-כא-כא!

ר ח ל:

פאר פישל דעם בעקער? שעם זיך חיימל, שעם זיך!

ח י י ם

פֿאַרשטעלט זיך דאָס פּנים:

איך שעם זיך טאקע! איך וועל זיך שוין קיינמאָל מער ניט שרעקן... איך שעם זיך!... איך שעם זיך!

ער צעמישט זיך און לויפֿט אַרויס אין דער צווייטער שטוב, אי-בערלאָזנדיק דאָס פֿידעלע אויפֿן טיש.

מ ש ה

שרייט אים נאָך:

וואוהין לויפֿסטו, צעקראָכענער? זע נאָר, אַז א נישט-גוטער זאָל דיך ווידער נישט נאָכיאָגן! כא-כא-כא!

ר ח ל

מיט רחמנות:

לאָך נישט אזוי, משהלע. חיימל וויינט... שווייג שוין...

ז י ס ק י נ ד

ניין, מען מוז חיימען גוט אָנלערנען, ער זאָל איינמאָל פֿאר אלע מאָל אויפֿהערן זיך צו שרעקן! ס'איז דאָך גאָרנישט אויסצוהאַלטן פֿון דעם יינגל. אומעטום זעט ער נאָר נישט-גוטע, שדים און גזלנים...

מ ש ה

יאָ, פֿאר גזלנים האָט ער מורא צו מערסטן. נעכטן האָט ער מיך אויפֿגעוועקט אין מיטן דער נאכט און אָנגעהויבן צו וויינען, עס דאכט זיך אים גזלנים רייסן דאָס פֿענסטער... איך שפּרינג אראָפּ פֿון בעטל, גיי צו צום פֿענסטער און איך זע: גאָרנישט מיט גאָרנישט. נישט מער דאָס פֿענסטער איז געווען שלעכט פֿארריגלט, האָט עס דער ווינט אביסל געשאָקלט, אהין און אהער.

ז י ס ק י נ ד

מיך האָט ער שוין א פּאָר מאָל באנאכט אויפֿגעוועקט מיט דעם זעלבן פּזמון... אָבער וואַרט – מער מיין איך – וועט ער אונז שוין נישט וועקן פֿון היינט אָן.

מ ש ה

דו מיינסט, אז ער וועט שוין קיין מורא נישט האָבן?



דו מיינסט, אז די מעשה מיט דעם „נישט-גוטן" וועט אים שוין אָנלערנען? האָסטו א גרויסן טעות. איך קען אים שוין בעסער פֿון דיר. פֿאר „נישט-גוטע" וועט ער שוין איצטער אפשר מער קיין מורא נישט האָבן, אָבער פֿאר גזלנים וועט ער זיך נאָך שרעקן אזוי ווי פֿריער. דאָ דארף מען עפּעס אויסטראכטן א קלוג שפּיצל, וואָס זאָל אים אָנלערנען איינמאָל פֿאר אלע מאָל.

ז י ס ק י נ ד

איך האָב שוין אויסגעטראכט.

מ ש ה

וואָס אזעלכעס? זאָג, לאָמיר הערן.

ז י ס ק י נ ד

איך וועל דיר זאָגן, אָבער זאָל רחלע ארויסגיין, ווייל זי וועט אים אלץ דערציילן.

ר ח ל ע

ניין, איך וועל נישט דערציילן, איך וועל אויך מיטהעלפֿן.

ז י ס ק י נ ד

נו, אויב אַזוי, איז גוט, וועל איך דערציילן.

מ ש ה ל ע

אומגעדולדיק:

נו דערצייל שוין!

ז י ס ק י נ ד

הערט קינדער!...

אין דעם מאָמענט עפֿנט זיך די טיר און עס שפּרינגט אריין מיט גרויסע שווערע טריט ס אַ נ ד ע ר. ער טראָגט א טוליפּ, איבערגעקערט מיטן פֿוטער ארויף. גרויסע שטיוול, קענטיק פֿון אן עלטערן מענטשן, אזוי, אז אין יעדער כאָליעווע וואלט ער אפֿער געקענט אריין אינגאנצן. אויפֿן קאָפּ טראָגט ער א גרויסן משונהדיקן קאפּעלוש, ארומגעשטעקט מיט פֿיל געגזענע פֿעדערן, מיט א ברייטן ראנד אראָפּגעלאָזן ביז איבער די אויגן. אין דער האנט האלט ער א גראָבן שטעקן און אין גארטל, מיט וועלכן דער טוליפּ איז ארומגעבונדן, זענען אריינגעשטעקט א שאַר-אייזן, א צוואַנג און נאָך אזעלכע ענלעכע שטוב-מכשירים. אונטער דער גאָמבע הענגט ביי אים א שטיק שווארץ פֿוטער.

**רחלע**

*דערזעענדיק אים, דערשרעקט זיך:*

אוי, א גזלן!...

*זי באהאלט זיך ווייטער אונטערן טיש.*

**סענדער**

*פרובירט זי פון אָנהייב אביסל איבערשרעקן און צעלאכט זיך:*

כא-כא-כא!... ווי נאָר עפּעס, וואוינט זי באַלד אונטערן טיש!... קריך ארויס, רחלע, איך בין נישט קיין גזלן. איך בין דאָך סענדער, קענסט מיך נישט?

**זיסקינד**

סענדער, וואָס קריכט אויפן שטענדער...

**סענדער**

*רוקט ארויף דעם קאפעליוש:*

רחלע, דאָס בין איך. קענסט מיך נישט? פון אנטקעגן.

**משהלע**

*וועלכער האָט זיך פון אָנהויב אויך אביסל דערשראָקן, אָבער ער האָט זיך באלד באהערשט און איז געבליבן שטיין אויף זיין אָרט מיט די הענט וואוילעריש אריינגעשטעקט אין די קעשענעס:*

איך האָב זיך אפילו גאָר נישט אָנגעהויבן צו שרעקן און זי וואוינט באַלד אונטערן טיש...

**רחלע**

*איז דערווייל ארויסגעקראָכן פון אונטערן טיש:*

היים וואָלט זיך נאָך מער דערשראָקן...

**זיסקינד**

אָט דאָס וועלן מיר טאקע באלד זען. איך האָב זיך עקסטרע אָפּגעשמועסט מיט סענדערן, ער זאָל זיך פאר-שטעלן פאר א גזלן און אריינקומען צו חיימען.

**רחלע**

ניין, איך האָב מורא, ער קאָן נאָך חלילה קראנק ווערן פאר שרעק.

**זיסקינד**

האָב נישט קיין מורא. דאָס האָב איך שוין גוט באַ-קלערט. מיר וועלן אלע דאָ זיין אין שטוב באהאלטן,



און אזוי ווי מיר וועלן נאָר זען, אז ער שרעקט זיך צו פיל, וועלן מיר באלד ארויסשפרינגען פון אונזער באהעלטעניש און מאכן אים אזא „בעע!..." אז ער וועט, מיין איך, קיינמאָל אין זיין לעבן זיך שוין נישט שרעקן פאר אלע נארישקייטן. נו, גוט?

**משהלע**

גוט, מיר געפעלט דאָס זייער.

**זיסקינד**

שטיי-זשע טאקע נישט. קריך שוין אריין אין דיין בעטל און מאך זיך שלאָפנדיק. סענדער וועט זיך באהאלטן אונטער די פאָרהאנגען, איך וועל טונקל מאכן דעם לאָמפּ און וועל זיך אויך באַהאַלטן. און רחל וועט אריינגיין צו חיימלען זאָגן אים, אז משהלע שלאָפט שוין, וועט ער אויך באלד אריינקומען זיך לייגן. דע-מאָלט, סענדער, ווייסטו שוין וואָס דו האָסט צו טאָן?

**סענדער:**

אַהא! איך ווייס שוין גוט! איך וועל שוין אָפּשפּילן אן אנטיק.

**זיסקינד:**

קום אהער, באהאלט זיך.

*ער באהאלט אים אונטער די גארדינען און פארשטעלט אים גוט.*

**משהלע**

*איז אריינגעשפרונגען אין זיין בעטל אין אָנטאָן:*

איך שלאָף שוין.

*ער דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע און נעמט כראָפּען.*

**זיסקינד**

גיי, רחלע, רוף אים אריין שלאָפן, זאָג אים, אז דער לאָמפּ גייט אויס, וועט ער זיך צואיילן, ווייל ער וועט דאָך מורא האָבן זיך לייגן אין דער פינסטער...

**רחלע**

איך גיי, אָבער געדענקט, איר זאָלט אים נישט שטארק איבערשרעקן.

זיסקינד

זאָרגט זיך נישט, מיר האָבן אים פּונקט אַזוי ליב ווי דו

רחל

נו, איז גוט.

זי גייט אַרויס.

זיסקינד

דערווייל, משהלע, דאַרפסטו נאָך נישט כראָפּען, וועסט צייט האָבן, ווען ער וועט אַריינקומען.

משהלע האָט אויפגעהערט כראָפּען. זיסקינד מאַכט טונקל דעם לאָמפּ און באַהאַלט זיך אויך אין אַ ווינקל. אַ קליינע פּויזע. באַלד הערט זיך פון צווישן צימער חיימלס לויפן.

ששש... ער גייט!... כראָפּע, משהלע!...

משהלע נעמט כראָפּן געשמאַק. חיימל לויפט אַריין.

חיימל:

ער שלאָפט שוין, דער פעטער, נישט געקאָנט אַביסל וואַרטן אויף מיר.

ער נעמט זיך אײַלנדיק אויסטאָן.

כ'ווייס, ער האָט זיך בכיון צוגעאײַלט. ער האָט געמיינט, איך וועל מורא האָבן איינער אַליין זיך לייגן שלאָפן... ער מיינט אויף אן אמת, אַז איך בין אַזאַ שרעקעדי-קער... אָך! סע הייבט זיך אפילו נישט אָן!... איך האָב נישט קיין מורא!... איך הויב נישט אָן מורא צו האָבן!... איך האָב שוין מער נישט קיין מורא פאַר קיינעם!... פאַר קיינעם!... נישט פאַר קיין נישט-גוטן, נישט פאַר קיין שד... אפילו נישט פאַר קיין גזלן...

סענדער שפּאַנט אַרויס פון זיין באַהעלטעניש מיט גרויסע שווערע טריט, קלאַפּנדיק מיטן שטעקן אין דער פאָדלאָגע און קלינגענדיק מיט די אייזנס, וועלכע ער טראָגט. חיימל דערזעט אים, שפּרינגט ער אַזש אַרויף אויפן בעטל מיט אַ געשריי.

אוי, אַ גזלן!!...

סענדער

מיט אַ גראָבער שטימע:

יאָ, איך בין אַ וואַלד-גזלן. שוין דערלאַנג מיר אַהער



אַלץ, וואָס דו פאַרמאָגסט, ווען נישט דערהרגע איך דיך דאָ באַלד אויפן אָרט מיט דעם געווער.

ער קלינגט מיט די אייזנס.

חיימל

ציטערט:

איך בעט אייך· מיין ליבער, מיין טייערער גזלן, הרגעט מיך נישט!... צו וואָס טויג עס אייך? בעסער נעמט זיך אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, און לאָזט מיך לעבן...

סענדער

וואָז האָסטו דיין פאַרמעגן? אַהער גיב עס שוין!...

חיימל

דאָרט אין שאַנק... מיין נייער אַנצוג... מיינע נייע שטיוועלעך... ערשט געקויפט אויף פּסח...

סענדער

קלאַפּנדיק מיטן שטעקן:

ניין, נישט דיין אָנצוג, נישט דיינע נייע שטיוועלעך, גיב עפּעס בעסערס.

חיימל

ציטערט

ליבער, טייערער גזלן, דאָרט אין עטאַזשערקע... מיינע נייע ביכלעך מיט אַזעלכע שיינע בילדעלעך... מיינע סאָלדאַטן... דער פעטער האָט מיר געקויפט...

סענדער

נאָך בייזער

איך וויל נישט דיינע ביכלעך!... איך דאַרף נישט דיינע סאָלדאַטן!... גיב עפּעס בעסערס!... גיב וואָס ביי דיר איז צום טייערסטן.

ער באַמערקט דאָס פידעלע אויפן טיש

אָט דאָס פידעלע גיב.

ער וויל נעמען דאָס פידעלע

און דיין רחלע וועל איך מיטנעמען און דיך וועל איך לאָזן לעבן...

**חיימל**

*שפרינגט אראָפּ פון בעט, כאַפּט דאָס פידעלע איןביידע הענט, שרייענדיק.*

ניין!... דאָס פידעלע וועל איך נישט אוועקגעבן!... אַלץ נעמט זיך, נאָר נישט דאָס... דאָס פידעלע וועל איך קיינעם נישט אוועקגעבן...

**סענדער**

אַזוי זאָגסטו?!... קיינעם נישט?... און דעם נישט-גוטן האָסטו עס דאָך ערשט היינט אוועקגעגעבן!...

**חיימל**

*רעדט וואָס אַמאָל מער געריררט.*

אי׳ז עס טאקע געווען זער מיאוס, אָבער מער וועל איך שוין אזא זאך נישט טאָן. מיין זיידעניו איז אלט און קראנק און ווען ער האָט מיר צו מיין געבורט געשענקט דאָס פידעלע, האָט ער מיר אזוי געזאָגט: נעם דאָס פידעלע, לערן זיך אויס שיין שפילן און ווען דו וועסט גרויס ווערן און דו וועסט האָבן א כלה, זאָלסטו איר אויף דעם פידעלע אָפּשפּילן דיין ערשטע מעלאָדיע, וועט זי דיך אייביק ליב האָבן. און ווען דו וועסט אליין שוין האָבן קינדער, זאָלסטו זיי שפילן אויף דעם זעלבן פידעלע, וועלן זיי זיין גוטיטשקע און דיך וועלן זיי אזוי ליב האָבן, ווי דו האָסט ליב דיין טאטן... און ווען דו וועסט ווערן א זיידע, זאָלסטו דאָס פידעלע אוועקשענקען דיין אייניקל און אים אָנזאָגן ער זאָל עס ווידער אוועקשענקען זיין אייניקל... אזוי האָט מיר גע-זאָגט מיין זיידעניו, און איך האָב געזען, אז טרערן זענען אים געשטאנען אין די אויגן. און איך האָב אויך געוויינט...

*מיט טרערן*

איצט קומסטו, דו שלעכטער גזלן, און ווילסט מיר דאָס פידעלע אוועקנעמען?! אויף וואָס וועל איך שפילן מיין כלה? אויף וואָס וועל איך שפילן מיינע קינדער, ווען



איך וועל זיין א טאטע?! וואָס וועל איך אוועקשענקען מיינע אייניקלעך, ווען איך וועל זיין א זיידע?

*ער ווערט פּלוצלינג שטארק ווי א העלד.*

ניין, גזלן! איך וועל דיר דאָס פידעלע נישט געבן! און פאר מיין רחלען וועל איך דיר האלז און נאקן צעברעכן. איך וועל דיר ווייזן, אז איך האָב קיין מורא נישט! איך שרעק זיך שוין נישט פאר קיינעם און איך וועל מיין גאַנץ לעבן זיך מער פאר קיינעם נישט שרעקן.

*כאַפּט ארויס דאָס אייזן פון סענדערס גארטל און פארמעסט זיך.*

**סענדער**

*זייער געריררט*

חיימל, האלט! שלאָג נישט, איך בין נישט קיין גזלן, איך בין דאָך סענדער, איך האָב דיך נאָר געוואָלט אויסלערנען נישט שרעקן זיך, אָט אזוי, חיימל, ביזסטו א כוואט...

**חיימל**

*פארוואונדערט*

ווער ביסטו, סענדער גאָר? נישט קיין גזלן?

**סענדער**

*רייסט אראָפּ די באָרד*

איך בין נישט קיין גזלן! זיסקינד האָט מיך געהייסן אזוי פארשטעלן.

**זיסקינד**

*גייט ארויס פון זיין באהעלטעניש*

יאָ, חיימל, איך האָב דיך געוואָלט אויספּראָבירן צי די וועסט זיך ווידער דערשרעקן. אָבער איך זע, אז דאָס פידעלע, אונזער ליבן זיידנס מתנה, און אונזער שוועס-טער האָבן דיך געמאכט פאר א העלד, דו שרעקסט זיך נישט מער, אזוי האָב איך דיך ליב.

*ער באמערקט רחלען, וועלכע האָט זיך פריער צו אלץ צוגעקוקט פון דער ווייטנס, און איצט איז זי ארייננגעקומען און שטיין געבליבן, ווישט זיך די אויגן*

וואָס וויינסטו, רחלע?

ר ח ל ע

ניי, גיי, זיסקינד! דו ביסט א שלעכטער...

ז י ס ק י נ ד

פארוואָס?

ר ח ל ע:

ווייל דו האָסט אזוי איבערגעשראָקן חיימען...

ח י י מ ל

ניין, ניין, איך בין נישט בייז אויף דיר, ברידער'ן פארקערט, איך דאנק דיר, וואָס דו האָסט מיך אויסגעלערט זיין א מענטש — און פילן זיך שטארק.

ער צוקושט זיך מיט אים

עס הערט זיך פון משהלעס בעטל זיין כראָפן.

ז י ס ק י נ ד:

זע נאָר! משהלע איז דערווייל אויף אן אמת איינגעשלאָפן, און האָט גאָרנישט געזען, וואָס דאָ איז אלץ פאָרגעקומען.

ער וועקט אים.

משהלע! משהלע!

מ ש ה ל ע

כאַפּט זיך אויף

וואָס? וואָס?

ער באמערקט סענדערן און פארגעסנדיק פון שלאָף חעת דאָס איז, שרייט אויס דערשראָקן.

אוי! א גזלן! א גזלן!!

[illegible] ל ע

שיסן אויס מיט א געלעכטער, טאנצנדיק ארום אים.

אָאָאָ! משהלע האָט זיך דערשראָקן! משהלע האָט זיך דערשראָקן!...

משהלע באהאלט זיך פארשעמט אונטער די קאָלדרעס.

פ אָ ר ה א נ ג



# די מכשפה

## א קינדערשפּיל אין איין אקט

פערזאָנען:

דן

דינה

צוויי אָרעמע קינדערלעך

דער טאַטע,

אַ האָלץ־העקער

די מאַמע

די מכשפה

עס געשעהט אין אַ אָרים שטיבל אויפן דאָרף.

א קליין, גאָר א קליין שטיבעלע, דעם האָלצהעקער'ס שטיבעלע, וואָס שטייט אונטערן וואַלד.

אויף די שוועל זיצט דינה'לע, א קליין מיידעלע. נעבן איר שטייט דנ'עלע, איר קליין ברודערל, ביידע קוקן זיך טרויעריק צום וואַלד.

די זון גייט אונטער.

ד ן

מען וועט נאָך אלץ נישט דעם טאַטעניו...

ד י נ ה

מען וועט נאָך אלץ נישט די מאמעניו...

ד ן

און די זון גייט שוין אונטער...

ד י נ ה

באלד וועט שוין קומען די נאכט...

ד ן

און ווי הערט מען נישט...

ד י נ ה

און ווי וועט מען נישט...

(פויזע)

און מיך הונגערט אזוי!

ד ן

(פאַנאַבעריש)

אָווא, א גרויסע זאך הונגער! איך קען פאסטן א גאַנ־צען טאָג מיט א גאנצע נאכט, מיט נאָך א טאָג — אויף מיין וואָרט!

**דינה**

איך אויך... נאָר היינט קען איך נישט. מאָרגן וועל איך קענען.

**דן**

פאַרוואָס מאָרגן?

**דינה**

ווייל — היינט, אַז די מאַמעניו וועט קומען וועט זי אָפּקאָכן באָבעלעך מיט קליסקעלעך, וועל איך זיך אָנעסן גוט — גוט! וועל איך שוין קענען פאַסטן מאָרגן און איבערמאָרגן מיט נאָך אַ טאָג — אויף מיין וואָרט...

**דן**

*ווערט פּלוצלינג פריילעך, נעמט טאַנצן און רעדל זינגענדיק.*

באָבעלעך מיט קליסקעלעך
האָבן זיך גענומען,
תשעה באב די חתונה —
קיינער נישט געקומען!...

*ער כאַפּט די שוועסטער פאַר דער האַנט.*

דינה, קום טאַנצן!

**דינה**

*סרויפעריק.*

לאָז מיך, איך וויל נישט.

**דן**

פאַרוואָס ווילסטו נישט?

**דינה**

ווייל מיך הונגערט.

**דן**

טאַנק, וועסטו פון זיך אַרויסשאָקלען דעם הונגער.

*ער שלעפּט זי.*

קום! קום!

**דינה**

*רייסט זיך אַרויס פון אים בייז.*

לאָז מיך אָפּ! גיי אַוועק! איך האָב דיך נישט ליב!



**דן**

*לאָזט זי אָפּ.*

מיך גאָר? וואָס בין איך שולדיק אין דיין הונגער? גלויב מיר, אַז איך בין נאָך אַ סך הונגעריקער פון דיר.

**דינה**

ס'אַ ליגן! איך בין אַזוי הונגעריק, אַז הונגעריקער קען שוין גאָר נישט זיין.

**דן**

בין איך נאָך אַ קליין ביסעלע הונגעריקער פון דיר.

**דינה**

אויב אַזוי בין איך מיט דיר גאָר ברוגז...

*זי ווייזט אים אַ פינגער אויף „ברוגז" און קערט זיך אָפּ פון אים.*

**דן**

*זינגט, טאַנצענדיק אַרום איר.*

ביסטו מיט מיר ברוגז,
ווייס איך נישט פאַרוואָס,
גייסטו אַ גאַנצן טאָג
צעראָפּגעלאָזט די נאָז...

**דינה**

*צעוויינט זיך הויך*

**דן**

*לויפט צו, כאַפּט זי אַרום און נעמט זי בעטן הערצלעך*

נו, שאַ!... וויין נישט, דינהשי, וויין שוין נישט שוועסטערל לעבן! אָט, וועלן באַלד קומען דער טאַטעניו מיט דער מאַמעניו און זיי וועלן אונדז ברענגען עסן...

**דינה**

*חליפּענדיק*

פאַרוואָס קומען זיי שוין נישט? פאַרוואָס זענען זיי נאָך נישט? אַוועקגעגאַנגען אויף אַ גאַנצן טאָג און די קינדערלעך איבערגעלאָזן הונגעריקע...

*זי טופּעט בייז מיטן פיסל*

אַ שלעכטער טאַטע! אַ שלעכטע מאַמע! איך וויל נישט אַזעלכע טאַטע-מאַמע!...

**דן**

שרייט אויס דערשראָקן

וואָס האָסטו געזאָגט?! אַי, דינהלע, דינהלע, וואָס דו האָסט געטון!

**דינה**

אויך שוין דערשראָקן

וואָס? וואָס האָב איך דען אזעלכעס געטון?

**דן**

דו האָסט, ווייזט אויס, גאָר אינגאַנצן פארגעסן וועגן דער אלטער מכשפה, וואָס וואוינט אונטערן וואַלד?

**דינה**

ציטערט אויף

אוי, אוי...

**דן**

דו האָסט פארגעסן, אז די בייזע מכשפה כאַפּט אַריין און איר פארכישופט הייזל די אלע קינדערלעך, וואָס באַליידיקן טאטע מאמע?

**דינה**

אוי אוי!.. איך האָב גאָר פאַרגעסן!.. וואָס וועט איצט זיין? וואָס וועט איצט זיין??!

זי לייגט צונויף ביידע הענט בעטנדיק

ברודערל ליבער! ברודערל טייערער! איך וועל שוין קיין מאָל מער נישט זאָגן אזעלכעס, נור באשיץ מיך פאַר דער מכשפה!

**דן**

גוט, שוועסטערל, איך וועל דיך באשיצן. אָבער — דו מוזט היינט אלץ טון, וואָס איך וועל דיר הייסן.

**דינה**

אלץ וועל איך טון! אלץ! נאָר באשיץ מיך פאַר דער מכשפה!

**דן**

זעצט זיך אויף אַ שטיין און באַפעלט

קום אהער דינה!



זי גייט צו

זעץ זיך!

זי זעצט זיך

לייג דיין קעפּעלע אויף מיין שויס...

זי טוט עס

און איצט שלאָף איין... נאָר געשווינד...

ער זינגט איר צו

שלאָף, שלאָף, שלאָף... *)
דער טאטע איז געפאָרן אין דאָרף;
ער וועט ברענגען א עפּעלע,
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע.

שלאָף, שלאָף, שלאָף...
די מאמע איז געפאָרן אין דאָרף;
זי וועט ברענגען א ניסעלע,
וועט זיין געזונד דאָס פיסעלע...

שלאָף, שלאָף, שלאָף...
דער טאטע איז געפאָרן אין דאָרף;
ער וועט ברענגען א ענטעלע
וועט זיין געזונט דאָס הענטעלע...

זי איז איינגעשלאָפן. זיין זינגען ווערט וואָס אַ מאָל שטילער, ביז ער ווערט צום סוף אויך איינגעשלאָפן, אָנבויגנדיק זיין קאָפּ אויף איר קעפּל. אין דער צייט פון זינגען איז געוואָרן וואָס אַמאָל טונקעלער — און ווען עס ווערט אינגאנצן פינסטער פאַרשווינדט דאָס הייזל פון האָלצהעקער! ווען עס ווערט ליכטיק שטייט אויף דעם זעלבן אָרט דאָס הייזל פון דער מכשפה וואָס איז אינגאַנצן געבויט פון קיכלעך און לעקעכלעך אָנשטאָט ציגל און ברעטער...

---

*) פאָלקס-ליד דער מאָטיוו איז אויך פאַראַן, באַארבעט ספּעציעל פון ליוואָו, וואַרשע.

דינה

עפנט אויף די אויגן דערזעט דאָס הײזל, רופט זי ענטציקט

אוי! זע נאָר דן!

דן

א הויז פון קיכעלעך!

דינה

א גאנץ הויז פון זיסע לעקעכלעך!

דן

פון וואנען ווייסטו, אז זיי זענען זיסע?

דינה

וואָס דען זענען לעקעכלעך? ביטערע? אָט וועל איך דיר באלד באווייזן!

וויל לויפן צום הײזל

דן

כאפט זי אָן פארן קלײדל

טו דאָס נישט!

דינה

פארוואָס?

דן

ווייל — ווייל מ׳טאָר נישט גנב׳ענען.

דינה

איך וועל נישט גנב׳ענען, חלילה! איך וועל נאָר נעמען א צוויי קיכעלעך — איינס פאר מיר און איינס פאר דיר. אָדער כאָטש איינס פאַר אונז ביידע.

דן

וואָס הייסט ביי דיר „נעמען"? ס׳איז דען דיינס?

דינה

ניין. אָבער איך ווייס דאָך, אז דאָס האָט אונז גאָט אַראָפּגעשיקט פון הימל, ווייל מיר זענען קליינע הונגעריקע קינדערלעך.

דן

אפשר יאָ און אפשר ניין... איך ווייס נאָר וואָס מען



האָט מיך געלערנט: נעם נישט וואָס ס׳געהערט נישט צו דיר...

דינה

אזוי זאָגסטו? וועל איך דיר ווייזן, אז איך וועל יאָ נעמען און ס׳וועט מיר גאָרנישט געשען...

זי לויפט צו און וויל ארויס־רייסן פון דער וואנט א קיכל, אָבער אין דעם מאָמענט עפנט זיך האסטיק די טיר און ס׳באווייזט זיך א האנט, וועלכע כאפט פעסט אָן דינה׳ס הענטל זי גיט א געשריי

אוי! מיין האַנט! ווער איז עס?!

די מכשפה

באווייזט זיך אין טיר

דאָס בין איך! כי, כי, כי!

דן און דינה

צוזאמען מיט שרעק

די מכשפה!

די מכשפה:

יאָ. הי, הי, הי! דאָס בין איך! די מכשפה...

דן

געשווינד לאָמיר אַנטלויפן!

דינה

לאָמיר לויפן!...

זיי הײבן אָן

די מכשפה

שוין צו שפּעט!

זי לויפט ארויס און כאפט ביידע קינדער און מיט דעם שטריק, מיט וועלכן זי איז ארומגעגארטלט, בינדט זי געשווינד צונויף דן׳ס רעכטע האנט צו דינה׳ס לינקע האַנט, דערביי רעדנדיק:

איך האָב אויף אייך שוין לאַנג געוואַרט, לאנג געהאָפט. אז קומען וועט איר צו מיינע קיכעלעך און לעקעכלעך, כי, כי, כי... גוט, וואָס איר זענט געקומען פונקט היינט. כ׳בין היינט הונגעריק א שרעק! וועל איך אייך טאקע באלד אָפּקאָכן און אויפעסן! כי, כי, כי!

זי עפנט אין דער וואַנט א טירל, אין וועלכן ס׳באווייזט זיך א פייער

אָט אויף דעם פייער וועל איך אייך אָפּבראָטן ביידע. ווארט אביסל, איך וועל נאָך צולייגן אביסל האָלץ, דאָס פייער זאָל זיין גרעסער, דאָס געבראָטנס זאָל זיין בעסער...

זי נעמט צוזאמען האָלץ און שפּענער, וואָס ליגט אויף דער ערד און ווארפט עס אריין אין פייער

דינה

וויינט

איך וויל נישט! איך וויל אהיים! איך וויל צו דער מאַמעניו! איך וויל צום טאַטעניו!

די מכשפה

אזוי גאָר! צו דיינע טאַטע-מאמע ווילסטו! און מיר האָט מען דערציילט, אז דאָ, אָט נישט לאנג, האָט אַ קליין מיידעלע געשריגן: — „א שלעכטער טאַטע! א שלעכטע מאמע!... איך וויל נישט אזעלכע טאַטע מאמע!"... ווער האָט עס אזוי אויסגעשריגן! ווער?

דן

דאָס איז א ליגן! קיינער האָט אזעלכעס נישט געזאָגט!

די מכשפה:

און איך ווייס, אז עמיצער פון אייך ביידן האָט יאָ געזאָגט פונקט די ווערטער, וואָרט ביי וואָרט...

דן

אויב עמיצער פון אונז ביידן, נו — האָט איך עס געזאָגט — און טו מיט מיר וואָס דו ווילסט...

דינה:

ניין! ניין! נישט מיין ברודער, איך האָב עס געזאָגט... אָבער איך וועל שוין נישט מער! קיין מאָל נישט מער! איך שווער עס דיר צו...

די מכשפה

לאַכט:

כי, כי, כי! שוין צו שפּעט! ביי אונז גייט נישט אזוי: איינמאָל געזאָגט — איז שוין פארפאלן!



דינה און דן

שוין פארפאלן?!..

די מכשפה

יאָ, פאַרפאלן, כי, כי, כי!.. איר זענט מיר — קינדערלעך שוין פון לאנג געפעלן!... לאנג שוין האָב איך געזוכט אַן עצה ווי אזוי אייך צו באַקומען! איצט האָב איך אייך געכאַפּט אין מיין מאכט און וועל אייך מער שוין נישט אָפּלאָזן! כי, כי, כי,! זעט דאָס פייער איז שוין פארטיק! אין א שעה צוויי ארום וועל איך פון אייך האָבן אַ סעודה גאָר אַ פּראַכט! אָ! אָ! אָ! אזעלכע צוויי שיינע קינדערלעך מיט אמאָל — אָ, אָ, אָ!...

דינה

איך בעט דיך, – לאָז אונז אָפּ אַהיים! שטעל זיך נאָר פאָר וואָסער עגמת-נפש ס'וועלן האָבן דער טאַטעניו מיט דער מאַמעניו, ווען זיי וועלן צוריק קומען פון שטאָט און אונז אין דער היים נישט טרעפן!... גוטע, טייערע מכשפה — לאָז אונז אָפּ...

די מכשפה

גענוג גערעדט פוסטע רייד! ס'וועט אייך גאָרנישט העלפן: מארש אין פייער!

דן

הער, מכשפה! אז דו ביזט שוין אזא שלעכטע, טאָ פרעס זיך אָן מיט מיר אַליין און מיין שוועסטער לאָז אָפּ א היים...

דינה

ניין! שוין בעסער פארהאלט מיך און מיין ברודער לאָז אָפּ אַ היים. זע, איך בין דאָך פון אים א סך פעטער... אָ, זע...

דן

ניין! איך בין פעטער פון איר... דו וועסט זיך מיט

אירע ביינער בלויז דיינע ציין צעברעכן... ווארף ? ארויס, זי טויג צו גאָרנישט...

דינה

ניין! ניין... מיך נעם

דן

מיך!

דינה

מיך!

די מכשפה

הי, הי... איך וועל אייך ביידע אויפעסן. איך בין אזוי הונגעריק, אז איך וואָלט דאכט זיך געקענט איצט אלע קינדערלעך פון דער גאנצער וועלט... האו! האו!...

*זי בינדט זיי אויף, ברומענדיק ווי א הונגעריקער הונט*

דן

טאָ... עס כאַפּט מיך פריער. איך וויל נישט זעען, ווי דו וועסט פרעסן מיין ליב קליין שוועסטערל.

דינה

ניין. פריער מיך!

דן

מיך פריער!

דינה

מיך!

די מכשפה

שטיל זאָל זיין! נישט געקריגט זיך, איך האָב דאָס פיינט... קום אהער יונגעלע, ביסט עלטער, וועל איך דיך פריער אָפּבראָטן. אָט, דאָס פייער איז שוין פאַרטיק. לייג זיך אויף דעם ברעט, וועל איך דיך אריינשיבן אין אויוון אריין.



*זי לייגט אוועק איין עק פון ברעט אויפן אויוון, דעם צווייטן עק שפּארט זי אָן אויף א בענקל און באַפעלט*

נו, געשווינד, לייג זיך אוועק, איך האָב נישט קיין צייט!

דן

*גייט צו צום ברעט און לייגט זיך אוועק אין דער בריים*

די מכשפה

נישט אזוי. וועסט דאָך נישט אריין אויוון...

דן

ווי אזוי זשע דען? אפשר אזוי?

*ער לייגט זיך ווידער אין דער קרוים*

די מכשפה

אזוי אויך נישט, נאריש יונגעלע!...

דן

איז אפשר נאָר אזוי?

*ער לייגט זיך ווידער אנדערש אָבער אלץ נישט ווי מען דארף*

די מכשפה

אי וואָסער נאריש יונגעלע! אזא קלייניקייט נישט צו פארשטיין...

דן:

אז מען האָט מיך אזעלכע זאכן קיינמאָל נישט געלע-רנט... לערן דו אונז אויס, מכשפה, לייג זיך אליין אוועק, וועלן מיר זען, וועלן מיר שוין דערנאָך טאָן אקוראט...

*ער שטעלט זיך אויף*

די מכשפה:

אָט אזוי דארף מען זיך לייגן...

*זי לייגט זיך אויפן ברעט*

איינס און צוויי...

דן

*ענדיקט*

און דריי!

*ער גיט א צייכן דינה'ן זיי כאַפּן פלינק דאָס ברעט, הייבן עס*

אויך, אזוי, אז די מכשפה גליטשט זיך מיט אמאָל אריין אין אויוון. זיי ביידע שיסן אויס מיט א געלעכטער:

כא, כא, כא! אָט אזוי איז גוט!..

**די מכשפה**

שרייט־ארויס פון אויוון

ראטעוועט מיך, קינדערלעך ליבע!

**דן**

שטעלט זיך מיט די הענט פאַר באָקום

מאָרגן! פריער בראָט זיך גיט אָפּ, ווערסטו וויסן וואָסער טעם דאָס האָט...

**דינה**

האָסט אונז געוואָלט פארברענען, ווער זשע אַליין פארברענט!

**דן און דינה**

נעמען זיך ביידע אָן בײַ די הענט און טאַנצן פארן פייער זינגענדיק

ווער עס גראָבט א גרוב פאר יענעם דער פאלט אליין אריין...

**דינה**

און איצטער צו די קיכעלעך! איצט מעג מען דאָך שוין, האַ?

**דן**

יאָ, איצט זענען שוין אלע קיכעלעך און לעקעכלעך אונזערע!

ער נעמט פון דער וואַנט א קיכל, זעצט זיך אוועק אויף דער באַנק און עסט.

**דינה**

נעמט אויך, זעצט זיך אוועק נעבן אים. ביידע עסן געשמאַק:

אלע קיכעלעך אונזערע! אָך, ווען מיר דאָך האָבן גענוג צו עסן אויף א גאַנצע וואָך!

**דן**

איך מיין, אז ס'וועט קלעקן אויף א גאנצן חודש!

**דינה**

זאָג איך אז ס'וועט זיין גענוג אויף א גאנץ יאָר פאר



אונז ביידן און אפילו פארן טאטעניו און די מאמעניו אויך!

**דן**

יאָ דינה'לה! נעם, קלויב אָן פאר די מאמעניו און פארן טאטעניו וויפיל ס'קען נאָר אריין אין דיין פארטוך!

**דינה**

שפרינגט אינטער פון פרייד און הייבט סאַקע באַלד אָן רייסן פון דער וואַנט די קיכלעך צו זיך אין פאַרטוך אריין:

אָבער דו שטיי אויך נישט ברודער! כאַפּ אויך וויפיל עס קען נאָר אריין אין דיינע קעשענעס און אין דיינע פאָלעס...

**דן**

יאָ, יאָ! ביזט גערעכט שוועסטערל!...

ער נעמט רייסן די לעקעכלעך צו זיך אין די קעשענעס און אין די פאָלעס אריין...

**דינה**

ווי ווען זיך דער טאטעניו און די מאמעניו דערפרייען!

**דן**

זיי מוזן אודאי זיין גוט הונגעריק...

**דינה**

זיפצט אָפּ:

אָרעמער טאטעניו!...

זי זעצט זיך צוריק אויף דער באַנק

**דן**

אָרעמע מאמעניו!...

ער זעצט זיך נעבן איר

**דינה**

איך האָב זיי אזוי ליב! ראָס זענען דאָך די בעסטע טאטע־מאמע פון אלע טאטע־מאמעס אויף דער גאַנצער וועלט! איך מיין, אז ס'זענען גאָרנישט פאראַן קיין בעסערע!...

**דן**

פארוואָס זעט מען זיי נאָך אלץ נישט? שוין גאָר שפעט... איך בין שוין אזוי מיד ווארטענדיק...

א פלן זאק אויף די פלייצעס און זי — א קושל אויף די הענט
בײדע זענען זײ זייער מיד. קוים װאס זײ האבן זיך דערשלעפּט
א היים.

**דער טאטע**

אָט זענען מיר שוין אין דער היים! דאַר זיך דער-
שלעפּט...

ער װארפט אראפ דעם זאק פון די פלײצעס.

**די מאמע**

אָך! מער וואָלט איך שוין אפילו איין טריט נישט גע-
קאָנט מאכן אזא לאנגן וועג!... נאָר די ליבע צו אונזערע
קינדערלעך, וואָסווארטן אזעלכע הונגעריקע האָט מיר צו-
געגעבן כח אויסצוהאלטן... ווען נישט וואָלט איך אודאי
אויפ׳ן וועג געפאלן א טויטע פון מידיקייט.

**דער טאטע**

נו, שטיי זשע נישט, קום צו די קינדערלעך!

ער נעמט שלעפּן דעם זאק אין שטוב אריין:

**די מאַמע**

אַי, וועלן זיי זיך דאָס אביסל דערפרייען, ווען זיי וועלן
דערזעען, וואָס מיר האָבן פאר זיי געבראכט...

זי וויל אריינגיין אין שטוב און באמערקט די שלאָפנדיקע קינדער.

זי שרייט אויס:

זע! די קינדער דאָ!

**דער טאטע**

ששש! וועק זיי נישט. זאָלן זיי שוין בעסער שלאָפן...

**די מאמע**

ניין, זאָלן זיי בעסער עפּעס איבערבייסן. זיי וועלן נישט
פארשפּעטיקן דערנאָך אויסצושלאָפן...

זי וועקט דאָס מיידל:

דינהלע!

**דער טאטא**

װעקט דאָס יונגעלע

**בײדע צוזאמען**

שטייט אויף קינדערלעך! זעט, וואָס מיר האָבן אייך
געבראכט!



**דינה**

שלעפעריק

איך בין אויך אזוי מיד, אז ס׳האָט מיך שוין אויפגע-
הערט צו הונגערן און אָנגעהויבן שלעפערן...

**דן**

אויך שלעפעריק

מיך שלעפערט נאָך מער פון דיר...

**דינה**

ניין מיך שלעפערט מער פון דיר...

**דן**

אָט שלאָף איך שוין...

**דינה**

ע... איך שלאָף שוין פון לאנג... פון גאָר לאנג...

**דן**

זינגט שלעפעריק

שלאָף, שלאָף, שלאָף...
דער טאטע איז געפאָרן אין דאָרף;
ער וועט ברענגען א עפּעלע,
וועט זיין געזונט דאָס קעפּעלע.—

שלאָף, שלאָף, שלאָף...
די מאמע איז געפאָרן אין דאָרף;
זי וועט ברענגען א ניסעלע,
וועט זיין געזונט דאָס פיסעלע...

שלאָף, שלאָף, שלאָף...

— — — — — — — — — — — — —

בײדע שלאָפן איין. דערװייל איז געװאָרן װידער פינסטער װי
פריער. דאָס קיכעל-הײזל פארשװינדט אין דער פינסטערניש און
אויף דעם זעלבן אָרט שטייט שוין צוריק דאָס הײזל פון
האָלצהעקער.

## דער האלצהעקער מיטן ווייב,

ד. ה. די קינדערס טאטע-מאמע קומען אָן פון װאלד. ער טראָגט

**ד י נ ה און ד ן**

*כאפן זיך אויף*

מאַמעניו! טאַטעניו; זעט וואָס מיר האָבן פאר אייך...

*זיי כאפן זיך צו די קיכלעך און באמערקן, אז זיי האָבן גאָר־ניסט, — ווערן זיי דערשראָקן.*

אוי! מען האָט אונז באַ'גנבעט!

**ד י ע ל ט ע ר ן**

ווער? וואָס?

**ד י נ ה**

איך האָב דאָך געהאט אפיל פארטוך מיט קיכעלעך פאר דיר, מאמעניו!

**ד ן**

*טרויריק*

און איך האָב געהאט פולע קעשענעס מיט לעקעכלעך פאר דיר, טאטעניו!

**ד י ע ל ט ע ר ן**

פון וואנען האָט איר דאָס געהאט, קינדערלעך?

**ד י נ ה**

פון דער אלטער מכשפה'ס קיכל-הויז...

**ד ן**

איך האָב דאָך פארברענט די אלטע מכשפה, וואָס וואוינט אונטערן וואלד!...

**ד ע ר ט א ט ע**

וואָסער מכשפה? וואָס רעדסטו?

**ד י נ ה**

יאָ, יאָ! די אלטע, שלעכטע מכשפה איז שוין מער נישטאָ!

**ד ע ר ט א ט ע**

אָבער וואָסער מכשפה? איך ווייס נישט וואָס איר רעדט...

**ד ן**

אָט די מכשפה, וואָס די מאמעניו האָט אונז וועגן איר אזוי פיל דערציילט, בשעת זי פלעגט אונז איינשלעפן...



**ד י מ א מ ע:**

אַהא, איך ווייס שוין...

*שטיל צום האַלץ-העקער*

די קינדער האָט זיך עפעס געחלומ'ט. זאָל עס שוין אזוי בלייבן... זאָלן זיי ווייטער מיינען, אז דער חלום איז געווען אנ'אמת...

**ד ן און ד י נ ה:**

*זוכן ארום-זיך טרויריק*

וואו זענען אהינגעקומען די אלע קיכעלעך און לעקעכלעך?! זיי זענען דאָך געווען אזוי זיס, אזוי געשמאק... וואו זענען זיי אהינגעקומען?!

**ד י מ א מ ע:**

*נעמט ארויס פון איר קוישל פיל קיכלעך.*

אָט זענען זיי דאָך דאָ!

**ד ן און ד י נ ה:**

*מיט די גרעסטע פרייד.*

אָט זענען זיי דאָך דאָ!

**ד ן און ד י נ ה:**

און מיר האָבן שוין געמיינט, אז עמיצער האָט זיי ביי אונז אוועקגע'גנב'ט...

**ד ע ר ט א ט ע:**

ניין, קינדערלעך. קיינער האָט אייך נישט בע'גנב'ט. דאָס האָבן מיר ביי אייך אויף א שפאס צוגענומען ווען איר זענט זיך דאָ אַזוי איינגעשלאָפן... הע, הע, הע... ני[illegible]ט מער, נאָר אויף אַ שפאס...

**ד ן:**

*לאכט מיט.*

הע, הע, הע; ביזטו, טאטעניו א שטיפער, גאָר נישט ערגער פון מיר...

**ד י מ א מ ע:**

*כאפט אים אויף די הענט.*

מיר זאָל זיין פאַר דיין קעפעלע, מיין ליב קינד!

*זי קושט אים.*

לאנג לעבן זאָלסטו מיר...

ד י נ ה:

פע, דן! אזוי רעדט מען נישט צו א טאטן!..
נישט שען...

ד ע ר ט א ט ע:

געדעכט טאָכטערל! קום, װעל איך דיר דערפאר א קוש
טון אין קעפעלע.

ער קושט זי.

לאנג לעבן זאָלט איר אונז ביידע...

פארהאנג פאלט.

